ג. גורעוו

# וועגן גלייבן אין גאָט

א שמועס מיט די גלייביקע

מעלוכע=פארלאג „דער עמעס“, מאָסקווע 1940

# I. וואָס איז אזוינס רעליגיע

## אויסטראכטעניש אָנשטאָט ווירקלעכקייַט

יעדער מענטש שטרעבט צו באזיניקן זייַן לעבן, שטרעבט צו פארשטיין דעם ארום. דער מענטש וויל וויסן, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך יעדע זאך, וועלכע ער באמערקט, יעדע דערשייַנונג, וואָס אנטפּלעקט זיך פאר אים. ער סטארעט זיך אויך צו דערגרונטעווען, וואָס פאר א פארבינדונג, וואָס פאר א צוזאמענהאנג עקזיסטירט צווישן פארשיידענע זאכן און פּראָצעסן.

וואָס דאַרף זיך, קעדיי צו דערקלערן א געוויסע דערשייַנונג?

קוידעמקאָל פאָדערט זיך דערצו א באשטימטער סכום וויסן. אָט לעמאָשל, קעדיי צו פארשטיין, וואָס איז אזוינס א רעגן, דארף מען וויסן, אז ווען די זון וואַרעמט אָן וואסער, ווערט עס פארוואנדלט אין דאמף; אז דאמף איז לייַכטער פון לופט און דעריבער הייבט ער זיך אויף אין דער הייך; אז אין דער הייך איז קעלטער ווי אונטן און דעריבער ווערט דאָרט דער דאמף ווידעראמאָל פארוואנדלט אין טראָפּנס וואסער, וועלכע זייַנען שווערער פון דער לופט, און דעריבער פאלן זיי אראָפּ אפ דער ערד אין דער פאָרם פון א רעגן. די אלע ידיעס באקומט דער מענטש מיט דער הילף פון דערפארונג און באאָבאכטונג. פארשטייט זיך, אז באקומען באקומט ער זיי ניט מיטאמאָל, נאָר בעהאדראָגעדיק.

בא די אוראלטע מענטשן, בא אונדזערע ווייַטע אורפאָטערס איז דער זאפאס דערפארונג און באאָבאכטונג געווען שטארק באגרענעצט. דעריבער טאקע האָבן זיי זייער שלעכט געקענט די נאטור, האָבן ניט געהאט קיין ריכטיקע פאָרשטעלונג ניט וועגן זייער אייגן לעבן, ניט וועגן די זאכן, וואָס רינגלען זיי ארום.

דער יאָך פון די נאטור-קרעפטן, וואָס די מענטשן האָבן זיי ניט געקענט בייַקומען, האָט געדריקט אפ די אוראלטע מענטשן. דער ניווּאָ פון דער אנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטן איז דעמלט געווען ביז גאָר א נידעריקער, קיין שום טעכניק איז נאָך קימאט ניט געווען. וואָס זשע האָבן די ווילדע מענטשן געקענט קעגנשטעלן דער מעכטיקער סטיכיע? וואָס האָבן זיי געהאט כוץ די סאמע פרימיטיווע שטייַנערנע געצייַג? עס איז דעריבער גאָר קיין כידעש ניט, וואָס דער מענטש האָט זיך געפילט אזוי הילפלאָז לעגאַבע די נאטור-קרעפטן.

דערפון נעמט זיך דאָס, וואָס אין יענע ווייַטע צייַטן האָבן מענטשן גענומען דערקלערן די פארשיידענע נאטור-דערשייַנונגען מיט קאָלערליי אויסטראכטענישן.

וולאדימיר איליטש לענין האָט אזוי דערקלערט די אנטשטייונג פון רעליגיע בא מענטשן אין דער ווייַטער פארגאנגענהייַט: „די אָנמעכטיקייַט פונעם ווילדן מענטשן אין קאמף קעגן דער נאטור רופט ארויס דעם גלויבן אין געטער, אין רוכעס, אין ניסים".

בא הײַנטיקן טאָג איז שוין דער מענטש מער ניט אזוי הילפלאָז לעגאבע דער נאטור, ער דעראָבערט אלץ מער און מער וויסן און דערפארונג. די סיבע פון דער רעליגיעזקייט אין דער הײַנטצײַטיקער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט שטעקט, לויט לענינס ווערטער, „אין דער אָנמעכטיקייט פון די עקספּלואטירטע קלאסן אין קאמף קעגן די עקספּלואטאָרן". אָט דאָס טאקע ברענגט צו דעם, אז מענטשן זאָלן גלייבן אין א בעסער לעבן אף יענער-וועלט.

## די רעליגיעזע וועלט־אָנשויונג

וויאַזוי זשע האָבן זיך די אורַאלטע מענטשן פאָרגעשטעלט אין זייערע אויס-טראכטענישן אָט די באשעפענישן, — די געטער, רוכעס און שיידים?

קלאָר, אז בעסער פון אלץ האָט זיך דער אוראלטער מענטש פאָרגעשטעלט זיך אליין און יענע באַלעכײַים, מיט וועלכע ער האָט געהאט צו טאָן. האָבן זיך די אוראלטע מענטשן געשאפן אין זייער פאנטאזיע א גאנצע וועלט באשעפע-נישן, וואָס זען זעט מען זיי ניט, אָבער וואָס זײַנען ענלעך אי צו מענטשן אי צו באַלעכײַים (אָדער צו האלב-מענטש, האלב-באַלעכײַ).

די אוראלטע מענטשן האָבן געהאלטן, אז אָט די אומזיכטבארע וועזנס, אָדער רוכעס, רופן עס טאקע ארויס אלע נאטור-דערשײַנונגען.

פארשטייט זיך, אז דאָס איז א פאלשע דערקלערונג פון די נאטור-דערשײַ-נונגען. דאָס איז דורכויס אויסטראכטעניש און פאנטאזיע. אָבער בא די אוראלטע מענטשן איז אָט די אויסטראכטעניש געוואָרן דער יעסאָד פון זייער פאָרשטעלונג וועגן דעם ארום, פון זייער פאָרשטעלונג וועגן דער וועלט.

דאָס אלץ, וואָס הייסט בא אונדז רעליגיע, רעליגיעזער גלויבן, גלויבנס-לערע אדג., — דאָס אלץ איז פארוואנדלט געוואָרן אין א גאנצער וועלט־אָנשויונג, וואָס פרווּוט אף איר שטייגער דערקלערן אלץ, וואָס קומט פאָר אין דער וועלט, — אין דער נאטור און אין דער געזעלשאפט, וואָס פרווּוט אף איר שטייגער פארענט-פערן די פארשיידענע פראגן, וואָס קומען אופ בא די גלייביקע. אָט די וועלט-אָנשויונג, וואָס באזירט זיך אף פאנטאסטיק, איז אין טאָג געגומען פײַנטלעך דער וויסנשאפט און גיט א פאלשע, פארקריפּלטע פאָרשטעלונג וועגן דער וועלט.

מיר האָבן שוין איינמאָל געזאָגט, אז רעליגיע איז אנטשטאנען אונטערן אײַנפלוס פון דער אָנמעכטיקייט פונעם אוראלטן מענטשן אין זײַן קאמף קעגן דער נאטור. די זעלבע סיבע האָט אָבער אונטערגעהאלטן די רעליגיע אויך שפּע-טער, ווען מענטשן האָבן שוין אופגעהערט צו זײַן ווילד. אין מעשעך פון יאָר-טויזנטער זײַנען דאָך מענטשן נאָך אלץ געבליבן הילפלאָז אין פאל פון עפּידע-מיעס, אומגערעטעניש, פארטריקענישן, פארפלייצונגען אאוו. דערצו נאָך — און דאָס איז באזונדערס וויכטיק — איז צו דעם יאָך פון דער נאטור צוגעקומען נאָך א סיבע, וואָס שפּײַזט אין די מענטשן דעם גלויבן אין געטער, אין ניסים, אין יענער-וועלט, — דאָס איז דער קלאסן-יאָך. יאָרטויזנטער נאָכאנאנד לײַדן די פאָלקס-מאסן פון אונטערדריקונג, עקספּלואטאציע, קנעכטשאפט, דאלעס און פון אנדערע מאקעס פון דער קלאסן-געזעלשאפט פונקט אזוי ווי די אָנמעכטיקייט אינעם קאמף קעגן די נאטור-קרעפטן רופט אויך די אָנמעכטיקייט אינעם קאמף קעגן די עקס-פּלואטאטאָרן אומפארמײַדלעך ארויס און האלט אונטער אין די מענטשן די רע-

ליגיעזע אויסטראַכטעניש. בא הײַנטיקן טאָג האַלט זיך רעליגיע הויפּטזאַכלעך איבער געזעלשאַפטלעכע סיבעס, איבערן קלאַסן־יאָך — איבער די שווערע באַדינגונגען פונעם לעבן פון די פּאַלקסמאַסן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

באַגלײַך מיט דער רעליגיעזער וועלט־אָנשויונג עקזיסטירט נאָר אַן אַנדער וועלט־אָנשויונג, אַן אַבסאָליוט קעגנזעצלעכע, — דאָס איז דער וויסנשאַפטלעכער קוק אַף דער וועלט. אָט די ביידע וועלט־אָנשויונגען ווידערשפּרעכן איינע דער אַנדערער אין אַלץ, און דער קאַמף צווישן זיי טראָגט אַ ביז גאָר שאַרפן כאַראַקטער.

וווּ זשע איז דאָ דער עמעס? דער עמעס — דאָס איז דאָך דאָס, וואָס אַנטשפּרעכט דערווירקלעכקײַט. די מאָס, ווידער, מיט וועלכער מע שאַצט דעם עמעס, איז די פּראַקטיק, דה. די פּייִקײַט פונעם מענטשן צו ענדערן זאַכן אַזוי, אַז דאָס זאָל אַנטשפּרעכן זײַנע צילן. און דעם מענטשנס גאַנצע פּראַקטיק באַווײַזט דאָך, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר, אַז רעליגיע איז אָנמעכטיק און וויסנשאַפט איז שטאַרק. אָט לאָמיר נעמען די גאַנצע הײַנטצײַטיקע טעטיקײַט פונעם מענטשן: די לאַנדווירטשאַפט, די אַרבעט פון די זאַוואָדן און פאַבריקן, די מאַשינעס און לאָקאָמאָטיוון, די עראָפּלאַנען, ראַדיאָ, טעלעגראַף, דאָס אויסאַרבעטן אַלץ, וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן, דאָס היילן קראַנקײַטן -- דאָס אַלץ איז אַ רעזולטאַט פון די דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפט און ניט פון דער רעליגיע.

צום עמעס קאָן מען זיך אַלזאָ דערגרונטעווען ניט מיט דער הילף פון רעליגיע, נאָר מיט דער הילף פון וויסנשאַפט.

די רעליגיע מאָלט זאַכן און דערשײַנונגען ניט אַזוי, ווי זיי זײַנען אין דער ווירקלעכקײַט, נאָר אַזוי, ווי זיי האָבן אויסגעזען אין דער פאָרשטעלונג פון די ווילדע מענטשן נאָך מיט צענדליקער טויזנטער יאָרן צוריק. פאַרקערט, די וויסנשאַפטלעכע וועלט־אָנשויונג העלפט ריכטיק צו פאַרשטיין זאַכן און דערשײַנונגען, ווײַל אָט די וועלט־אָנשויונג באַזירט זיך אַף וויסן און ווערט טאָג־אײַן, טאָג־אויס באַשטעטיקט דורך דער געזעלשאַפטלעך־היסטאָרישער פּראַקטיק און דערפאַרונג. דעריבער טאָקע קאָן דער מענטש הערשן איבער דער נאַטור נאָר מיט דער הילף פון דער וויסנשאַפטלעכער וועלט־אָנשויונג און בעשום־אופן ניט מיט דער הילף פון דער רעליגיעזער וועלט־אָנשויונג.

דער יעסאָד פון דער רעליגיעזער וועלט־אָנשויונג — דאָס איז דער גלויבן אין איבערנאַטירלעכע דערשײַנונגען, די פאָרשטעלונג וועגן עפּעס ניט־מאַטעריעלע, אומזיכטבאַרע וועזנס, אָדער רוכעס.

דאָס מאַטעריעלע — דאָס איז דאָס אַלץ, וואָס רינגלט אונדז אַרום — קערפּערס אָדער זאַכן, וואָס מיר קענען זיי זען, הערן, אָנטאַפּן, ביכלאַל פילן. מאַטעריע — דאָס איז די גאַנצע וועלט, מיט וועלכער מיר באַקענען זיך אַדאַנק אונדזערע כושים, אַדאַנק אונדזער דענקען און פּראַקטיק.

די רעליגיעזע מענטשן ווידער האַלטן, אַז עס עקזיסטירט נאָך עפּעס אַ ספּעציעלע וועלט, וואָס מע זעט זי ניט, מע הערט זי ניט, מע פילט זי ניט, דה., וואָס אונדזערע כושים זײַנען ביכלאַל ניט מעסוגל זי אויפצונעמען. בא גלייביקע הייסט אָט די וועלט — גײַסטיקע וועלט. זיי זאָגן, אַז זי, אָט די גײַסטיקע וועלט, שטייט קלוימערשט העכער פון דער נאַטור, איבער דער נאַטור און וואַרפט זיך ניט אונטער דער נאַטור.

אָבער אינדערעמעסן איז ניטאָ קיין איין פאקט, וואָס זאָל באשטעטיקן, אז עס עקזיסטירטווירקלעך עפּעס א מין געהיימניספולע, איבערנאטירלעכע וועלט. גײַסטיקע דערשײַנונגען, דה. עמפּינדונג, באוווסטזײַן, געדאנק אדג., — עקזיסטירן. ווי מיר וועלן אָבער שפּעטער זען, שטאמען זיי אלע פון מאטעריע. קיין שום „רוכעס" זײַנען ניטאָ און קאָנען גאָר ניט זײַן. די גאנצע איבערנאטירלעכע, ניט מאטעריעלע, אומזיכטבארע וועלט איז אן אויסגעטראכטע זאַך.

## די פאָרשטעלונג וועגן גאָט

יודאיִזם, קריסטנטום און אנדערע הײַנטצײַטיקע רעליגיעס באַהויפּטן, אז ערגעץ אויסער דער וועלט איז פאראן אן איבערנאטירלעך און אלמעכטיק וועזן — גאָט. אָט דאָס וועזן איז, קלוימערשט, אומזיכטבאר און ניט-צוטריטלעך. די רעליגיע לערנט, אז גאָט איז די איינציקע סיבע פון אלץ, וואָס עס קומט פאָר, אז ער האָט געשאפן די גאנצע וועלט און הערשט איבער איר און אז אלץ אין דער וועלט הענגט אָפּ פון אים און טאקע נאָר פון אים.

א סאך גלייביקע מיינען, און די קלייקוידעש פון אלע רעליגיעס ריידן זיי דערין אײַן, אז אָן גאָט קאָן מען גאָר ניט אויסקומען, אין זײַן האנט איז צו באשטראָפן די „זינדיקע" און צו באלוינען די „צאדיקים". דעריבער לערנט די רעליגיע, אז דער מענטש איז מחוייעוו בעטן גאָט, כאנפענען אים, דערנידעריקן זיך פאר אים, דאנקען אים אאוו.

די גלייביקע האלטן, אז גאָט רעגירט איבער דער גאנצער וועלט, ווי א קיניג רעגירט איבער דער מעלוכע. זיי מאָלן גאָט לויטן מוסטער פון אן אומבאגרענעצטן האר און רופן אים אפילע אָן „ריבוינעשעלוילעם" (האר פון דער וועלט), און זיך רופן זיי אָן „דעם ריבוינעשעלוילעמס קנעכט". פונקט ווי די ערדישע הארן — די קיניגן — האָבן „דינער" אין דער פערזאָן פון מיניסטאָרן, גענעראלן אאוו., אזוי האָט אויך גאָט — טײַנעט די רעליגיע — זײַנע דינער אין דער פערזאָן פון הייליקע, מאלאָכים און אנדערע איבערנאטירלעכע וועזנס. לויטן יידישן און לויטן קריסטלעכן גלויבן, לויט אלע אנדערע רעליגיעס האָבן דעם ריבוינעשעלוילעמס דינער פארשיידענע טיטלען און ראנגען — זיי טיילן זיך אָפּ אויף מאלאָכים, סראָפים, קרווים אאוו.

באזונדערס שטארק איז די פאָרשטעלונג וועגן גאָט, ווי וועגן דעם האר פון דער וועלט, אין דעם יודאיִזם. א פרומער ייִד שטעלט זיך פאָר, אז גאָט — דאָס איז עפּעס א שרעקלעך בייזע באשעפעניש, וואָס זיצט אָפּ א פײַערדיקן שטול. עס רינגלט אים ארום א פילצאָליקע סוויטע דינער, וואָס טוען אים לויבן און רימען. איינע מאָל א יאָר (יאָמקיפּער) אָרדנט גאָט אײַן א מין גענעראלע רעוויזיע פון דער גאנצער מענטשהײַט. מאלאָכים ברענגען דעם ריבוינעשעלוילעם דעם סייפער האזיכרוינעס, אין וועלכן עס זײַנען פארשריבן די אווייראָס און די מײַסים-טויווים פון יעדער מענטשן באזונדער. גאָט כעזשבנט אונטער דעם מענטשנס אלע מײַסים, טראָגט ארויס א פּסאַק-דין און כאסמעט אים.

אזויארום לערנט די רעליגיע, אז דער מענטש איז גאָרניט, אז ער הענגט אינגאנצן אָפּ פון גאָט, צו וועלכן ער קאָן נאָר טפילע טאָן און בעטן טאכנונים. צי איז דען אָבער ניט קלאָר, אז אזא פאָרשטעלונג וועגן דעם „הימלשן האר"

האָט געקאָנט אנטשטיין בא מענטשן נאָר דערפאר, וואָס זיי האָבן יאָרטויזנטער נאָכאנאנד געשמאכט (און אין דער גאנצער קאפּיטאַליסטישער וועלט שמאכטן זיי אויך איצט) אונטערן יאָך פון די ערדישע הארן, פון די רעגירער, פאַנעס, שקלאַפנבאזיצער, קאפּיטאליסטן און פון זייער מעלוכע. דאָס בילד פון יענער-וועלט איז אין אלע רעליגיעס געמאָלט לויטן מוסטער פון דער-וועלט פון עקספּלואטאציע און יאָך.

אין דער מערהייט רעליגיעס עקזיסטירן א סאך געטער. אָבער אלע מאָלן זיי זייערע געטער לויט דעם געשטאלט און דעם מוסטער פונעם מענטשן. בא די נעגערס, למשל, האָבן די געטער א שווארצע הויט און שווארצע אויגן, און בא די יאפּאַנער האָבן זיי א געלע הויט און זיינען קאָסאָקע. דעריבער האָט איינער אַן אלטגריכישער דענקער קסענאָפאָן געזאָגט, אז ווען אָקסן, אָדער לייבן, אָדער פערד וואָלטן געקאָנט אויסטראכטן געטער, וואָלט דער גאָט פון אָט די חיעס געווען ענלעך צו דעם מין חיעס, וואָס האָט אים אויסגעטראכט.

קומט אויס אזויארום, אז ניט גאָט האָט געשאפן דעם מענטשן, נאָר פאַרקערט, דער מענטש האָט געשאפן גאָט לויט זיין אייגן געשטאלט. ניט אומזיסט האָט דער באוווסטער פראנצויזישער פריידענקער פון אכצנטן יאָרהונדערט וואָלטער געזאָגט אין א שפּאס, אז גאָט האָט געשאפן דעם מענטשן לויט זיין געשטאלט און מוסטער, אָבער דער מענטש האָט מיט אים אָפּגעטאָן דאָס זעלבע.

## איין גאָט צי א סאך געטער

די רעליגיעס פון די הייַנטצייַטיקע קולטורעלע פעלקער ווערן גערעכנט פאר „מאָנאָטעיִסטישע" (דאָס הייסט אזעלכע, וואָס גלייבן אין איין גאָט). די ייִדישע, קריסטלעכע און מוסולמענישע קלייקוירדעש טייַנען, אז זייער גלויבן אָנערקענט בלויז איין גאָט.

צי איז עס טאקע אזוי?

פאקטיש איז עס ניט אזוי, ווייל אין אלע רעליגיעס עקזיסטירט אין א מער אָדער ווייניקער פארשטעלטער, פארמאסקירטער פאָרם דער גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון א סאך געטער. אין אָט די רעליגיעס רעדט זיך דאָך אָן א שיר וועגן מאלאָכים און שיידים, וואָס זיינען פונקט אזוינע שטארקע, איבערנאטירלעכע באשעפענישן ווי גאָט אליין. אין דער פאָרשטעלונג פון די גלייביקע זיינען דאָך מאלאָכים, אין טאָך גענומען, גוטע געטער, דעם מענטשנס פריינט, און שיידים — בייזע געטער, דעם מענטשנס פייַנט. יעטווידער פרומער ייִד און פרומער קריסט האלט, אז מאלאָכים און שיידים זיינען אויך געטער, מער ניט, וואָס לויט זייער ראנג אָדער באדייַטונג זיינען זיי קלענער פון דעם הויפּט-גאָט.

פון דער אנדערער זייט, רעדט די ביבל — דער „הייליקער" סייפער פון די ייִדן — וועגן דעם, אז די אוראלטע ייִדן האָבן א לאנגע צייט געגלייבט אין א סאך געטער. די וויסנשאפטלעכע אויספאָרשונגען האָבן שוין גאנץ קלאָר באוויזן, אז דאָס וואָרט „עלאָהים" (אלהים) באטייט — געטער, דאָס איז א מערצאָל פונעם וואָרט „עלאָהיי" (אלה) — גאָט. דעריבער וואָלט מען שוין דעם ערשטן פּאָסעק פון ברייִשיס געדארפט לייענען אזוי: „צוערשט האָבן די געטער (עלאָהים) באשאפן דעם הימל און די ערד".

אין א גאנצער ריי ערטער פון דער ביבל איז דער נאָמען פונעם יידישן גאָט זייער קלאָר געגעבן אין מערצאָל. אָט זײַנען עטלעכע בײַשפּילן:

„און די געטער (עלאָהים) האָבן געזאָגט: לאָמיר שאפן דעם מענטשן לויט אונדזער געשטאלט, לויט אונדזער מוסטער״ („ברייסיס״, קאפיטל I, פּאָסעק 26).

„און דער גאָט איבער די געטער (יאהווע עלאָהים) האָט געזאָגט: אָט איז אָדאָם געוואָרן ווי איינער פון אונדז אפּ צו פארשטיין גוטס און שלעכטס״ („ברייסיס״, קאפיטל III, פּאָסעק 22).

„און גאָט (יאהווע) האָט געזאָגט: ...לאָמיר גיין, לאָמיר זיך אראָפּלאָזן און לאָמיר צעמישן דאָרט די שפּראכן זייערע אזוי, אז איינס מענטש זאָל ניט פאר-שטיין די שפּראך פון דעם צווייטן״ („ברייסיס״, קאפיטל XI, פּאָסעק 7).

„און אויב א שקלאפ וועט זאָגן: כ׳האָב ליב מײַן האר, מײַן ווײַב און מײַנע קינדער, כ׳וויל ניט זײַן פרײַ, זאָל אים דער האר זײַנער ברענגען פאר די גע-טער (עלאָהים)״ („שמויס״, קאפיטל XXI, פּאָסעק 5—6).

אזויארום זעען מיר, אז ווײַט ניט אין דער גאנצער ביבל רעדט זיך וועגן איין-און-איינציקן גאָט. גאנץ אָפט לייענען מיר וועגן א סאך געטער, צווישן וועלכע עס ווערט אויסגעטיילט דער הויפּט-גאָט, וואָס ער איז דער האר איבער אלע איבעריקע. אזוי שטייט אין טילים אינעם „מיזמער לעאָסאָפ״:

„גאָט האָט זיך אוועקגעשטעלט אין דער פארזאמלונג פון גאָט, און צווישן געטער טוט ער מישפּעטן: ביזוואנען וועט איר מישפּעטן מיט אומרעכט און טאָן פארגעבן די רעשאָים״ (טילים, „מיזמער לעאָסאָפ״, LXXXII, 1).

פון די הײליקע יידישע ספאָרים איז אויך צו זען, אז יאהווע, דער גאָט פון יִיסראָעל, קאמאָס, דער גאָט פון מויעוו, דאגאָן, דער גאָט פון צויר (פיניקיער) און די איבעריקע געטער פון קנאאן האָבן אבסאָליוט ניט אויסגעשלאָסן איינער דעם אנדערן. מע האָט זיי געהאלטן פאר געטער פון באזונדערע לענדער. זיי האָבן שטארק דערמאָנט די ערדישע פירשטן, וואָס בא זיך אין די געגנטן זײַנען זיי פולע באלעבאטים, אָבער וואָס אָנערקענען, אז אנדערע פירשטן זײַנען בא זיך, אין זייערע געגנטן, פּונקט אזעלכע אומבאשרענקטע באלעבאטים (אמאָל האלטן זיי צווישן זיך מילכאָמע, דאן קומט פאָר א קריג אויך אין דער וועלט פון די געטער). דעריבער האָבן די אוראלטע יידן געהאלטן, אז וויבאלד זיי פארלאָזן ערעצ-יִיסראָעל, איז שוין איבער זיי מער ניט פארשפּרייט די האנט פון יאהווע, און זיי געפינען זיך שוין אין לענדער, וואָס איבער זיי געוועלטיקן אנדערע געטער. אזוי באקלאָגט זיך דאָוויד אינעם קאפיטל XXVI פון „מעלאָכים״ אפּ דעם, אז דער מיילעך שאָול האָט אים פארטריבן פון „יאהוועס ירושע״ און אז ער וועט איצט מוזן „דינען צו פרעמדע געטער״.

אלזאָ, די ראבאָנים, וואָס טײַנען, אז יידן האָבן אלעמאָל געגלייבט אין איין גאָט, זײַנען אבסאָליוט ניט גערעכט. אָבער אפילו ווען בא יידן איז שוין אנט-שטאנען די פאָרשטעלונג וועגן איין גאָט, האָבן זיי זיך דאָך ניט אָפּגעזאָגט פונעם גלויבן אין פיל געטער, ווײַל זיי האָבן געהאלטן, אז עס עקזיסטירן מא-לאָכים און שיידים, כוצ דעם האָבן זיי נאָך געגלייבט אין אנדערע געטער אויך. באווײַזן, אז דאָס איז טאקע געווען אזוי, קאָן מען געפינען אויך אין דער ביבל, צום בײַשפּיל, אין דער מײַסע וועגן דער גאָלדענער קאלב.

# צי דארפ דער מענטש גלייבנ אינ גאָט

די רעליגיע שטעלט פאָר די זאכ אזוי, אז דער מענטש איז אנ אָנמעכטיקע באַשעפעניש, מיט וועלכער גאָט טוט, וואָס עס געפעלט אימ. דעריבער שמועסנ אײַנ די ראבאָנימ אונ די קלייקוידעש פונ אלע אנדערע רעליגיעס די גלייביקע, אז בא דעמ „אייבערשטנ" אינ די הענט איז דער מענטש „געגליכנ צו ליימ אינ די הענט פונ א טעפער, געגליכנ צו א שטיינ אינ די הענט פונ א שטיינהאָקער". אונ ביכלאל איז ער געגליכנ צו רוישטאָפ אינ די הענט פונ א מײַסטער, וועלכער טוט דערמיט, וואָס עס געפעלט אימ.

אזא לערע איז פאלש אונ שעדלעכ. גלייבנ די ארבעטנדיקע אינ די אלע באָבעמײַסעס, שוואכט עס אָפ זייער ווילנ, רויבט עס צו בא זיי די קראפט אונ זיי זײַנענ ניט אימשטאנד אקטיוו צו קעמפנ פאר שאפנ א בעסער לעבנ אפ דערוועלט.

פונ גאָר אמאָל זעט די מענטשהײַט צו באהערשנ די נאטור-קרעפטנ. אדאנק דער אנטוויקלונג פונ דער וויסנשאפט זײַנענ אינ דעמ געביט דערגרייכט געוואָרנ קאָלאָסאלע דערפאָלגנ. א באווײַז דערצו זײַנענ די דערגרייכונגענ פונ דער מאָדערנער טעכניק, מעדיצינ, לאנדווירטשאפטלעכער וויסנשאפט אדג. די ארבעטנדיקע מענטשהײַט האָט געשטעלט פאר זיכ אנ אופגאבע ניט נאָר אוועקשטעלנ די נאטור-קרעפטנ צו דינסט דער געזעלשאפט, נאָר אויכ איבערמאכנ די געזעלשאפטלעכע אָרדענונג. די ארבעטנדיקע שטרעבנ צו שאפנ א קאָמוניסטישע געזעלשאפט, ווו עס זאָלנ ניט זײַנ קיינ קלאסנ, ווו עס זאָל ניט זײַנ קיינ עקספלואטאציע פונ איינ מענטש דורכ א צווייטנ, ווו אלע מענטשנ זאָל זיכ לעבנ גוט, פריידיק, גליקלעכ.

די גרויסע סאָציאליסטישע אָקטיאבער-רעוואָליוציע אינ רוסלאנד האָט באוויזנ, אז די ארבעטנדיקע קאָנענ אָט דעמ ציל דערגרייכנ. אָבער זי האָט אויכ באוויזנ, אז קומענ צו אזא וווּנדערשיינ לעבנ, קומענ צו דעמ, אז אפ דער וועלט זאָל הערשנ ברידערלעכקײַט אינ גלײַכקײַט, קאָנ מענ ניט מיט דער הילפ פונ טפילעס, ניט מיטנ זיצנ אינווארטנ אפ גאָטס גנאָד, נאָר מיט דער הילפ פונ אקטיווער טעטיקײַט פונ די מענטשנ, מיט דער הילפ פונעמ קלאסנקאמפ פונ די ארבעטנדיקע פאר קאָמוניזמ אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי.

אלע הײַנטצײַטיקע רעליגיעס לערנענ, אז דעמ גאנג פונעמ מענטשנס לעבנ באשטימט עפעס אנ אלערהעכסט וועזנ — גאָט. דעמ מענטשנ אָבער, וואָס גלייבט דערינ, בלײַבט דאָכ ניט קיינ אנדער וועג אינ לעבנ, ווי צונויפלייגנ די הענט אונ ווארטנ אפ גאָטס הילפ. אָבער די געשיכטע האָט באוויזנ, אז כאָטש די אונטערדריקטע מאסנ פונ אלע לענדער אונ פעלקער האָבנ אינ משעכ פונ יאָרטויזנטער געבעטנ בא גאָט, אז ער זאָל זיי באפרײַענ פונעמ שווערנ יאָכ — פונ קנעכטשאפט, דאלעס אונ הינגער, — כאָטש זיי האָבנ געבעטנ אזוי לאנג, זײַנענ אָט די טפילעס זייערע ניט מעקוייעמ געוואָרנ. אונ מענטשנ האָבנ אָנגעהויבנ אלצ מער אונ מער זיכ צו איבערצײַגנ, אז אזעלכע לערעס זײַנענ פאלש אונ אז כוץ די אונטערדריקער דארפ זיי קיינער ניט, אונ האָבנ אָנגעהויבנ אקטיוו צו קעמפנ פאר איבערבויענ די געזעלשאפט.

# פארוואָס קומט דאנקענ גאָט

די רעליגיע האלט, אז דעמ מענטשנ האָט געשאפנ גאָט. אָבער אָט דער גלויבנ ברענגט אומפארמײַדלעכ דערצו, אז עס אנטשטײט א גאנצע רײ פראגנ, וואָס זײַנענ שטארק ניט צומ הארצנ די ראבאָנימ אונ אנדערע קלײקוידעש.

טאקע אזוי, פארוואָס האָט דער אלמעכטיקער גאָט ניט געוועזנ, אז אלע מענטשנ זאָלנ זײַנ קלוג, שײנ אונ שטארק? פארוואָס האָט ער דערלאָזנ, אז זײ זאָלנ רײדנ אפ פארשײדענע שפראַכנ, זאָלנ ניט פארשטײנ אײנע די אנדערע אונ קריגנ זיכ אײנע מיט די אנדערע? וואָס איז דער סײכל דערפונ, וואָס ער האָט געשאפנ קרעטינענ, אידיאָטנ, מעשוגאָימ? צו וואָס האָט דער לײַטזעליקער גאָט געשאפנ קאליקעס, בלינדע, שטומע, קריפלענ, הילפלאָזע, קרעציקע, פאליקע?

צי דארפנ מענטשנ מיט פארשײדענע מומענ דאנקענ זײער אלערגנעדיקסטנ באשאפער דערפאר, וואָס ער האָט זײ אײַנגעטײלט אָט די אלע צאָרעס?

די רעליגיע לערנט, אז דער מענטש איז „די קרוינ פונ דעמ באשאפ", אונ דעריבער איז אלצ, וואָס עקזיסטירט אינ גאָר דער וועלט, האָט גאָט געשאפנ פאר דעמ מענטשנס וועגנ. אויב אָבער דאָס איז טאקע אזוי, צו וואָס זשע האָט גאָט געשאפנ מידבאָריעס, פאָליארע געגנטנ אונ װײניק פרוכטבארע ערטער? צו וואָס האָט ער געשאפנ אזויפיל מיסטגראָזנ, וואָס צערנ אויס אומזיסט-אונ-אומנישט דעמ באָדנ? צו וואָס זשע האָט ער באהאלטנ טיפ אינ דער ערד אזוינע זאכנ ווי שטײנקוילנ אונ מעטאל, וואָס דער מענטש קאָנ זיכ גאָר אָנ זײ ניט באגײנ?

אויב גאָט רעגירט איבער דער וועלט, וואָס זשע איז דער סײכל פונ דעמ, וואָס ער אָרדנט אײַנ וואולקאנ-אויסברוכנ, ערדציטערנישנ, שטורעמס, געוויסער, עפידעמיעס, הונגער? ווער דארפ עס האָבנ די בלוטדאָרשטיקע כײַעס אונ גיפטיקע שלענג, וואָס טוענ אָנ דעמ מענטשנ אזויפיל צאָרעס? צי קומט גאָט, אז מענטשנ זאָלנ אימ זאָגנ א דאנק דערפאר, וואָס ער האָט געשאפנ פליגנ, קאָמארעס, וואנצנ, לײַז, פלײ, טאראקאנעס, הײשעריקנ אונ אנדערע באשעפענישנ, וואָס ברענגענ שאָדנ דעמ מענטשנ?

אויב גאָט איז די סיבע פונ אלצ אינ דער וועלט, צו וואָס זשע האָט ער באשאפנ די מיקראָבנ, אָט די פיצינקע באשעפענישלעכ, וואָס דאָס פאָשעטע אויג זעט זײ ניט, אָבער וואָס רופנ ארויס פארשײדענע קרענק? ווי קומט עס צו אימ, אז ער זאָל אָנשיקנ אפ מענטשנ די מיקראָבנ פונ כאָליערע, פעסט, דיפטעריט אונ פונ אנדערע קרענק, וואָס ברענגענ אומ מיליאָנענ מענטשנ?

אויב גאָט איז פול מיט גנאָד, דה. ער טוט בלויז גוטס, וואָס זשע דערלאָזט ער קנעכטשאפט, קאפיטאליזמ, מילכאָמעס, נאציאָנאלע סינע, ארבעטלאָזיקײַט, דאלעס? אויב ער איז לײַטזעליק, וואָס זשע האָט ער ניט געשטערט די שקלאפנ-באזיצער, פריצימ, קאפיטאליסטנ אײַנאָרדענענ בלוטיקע מילכאָמעס, בײס וועלכע עס פלעגנ אומקומענ אונ קומענ אומ מיליאָנענ מענטשנ?

ווענ מע מאכט א שטיקל כעזשבנ, באקומט זיכ, אז אינ מעשעכ פונ מיטלאלטער האָבנ אינ אײראָפּע בלויז די קריסטלעכע גאלאָכימ אלײנ געפײַניקט אונ דערנאָכ פארברענט לעבעדיקערהײט אפ די שײַטערהויפנס פונ דער אינקוויזיציע קאָרעוו צענ מיליאָנ מענטשנ. אונ אזוי געהאנדלט האָבנ דאָכ ניט בלויז די קריסט-

לעבע גאלאָכים, נאָר אויך די קלייקוידעש פון אנדערע רעליגיעס. די ביבל, לע־
מאָשל, איז פול מיט דערציילונגען וועגן די בלוטיקע מײַסים, וואָס מע פלעגט
אמאָל אָפּטאָן אינעם נאָמען פונעם גאָט יאהווע. דער דאָזיקער גאָט האָט געפאָ־
דערט, אז מע זאָל אויסקוילענען די באפעלקערונג פון גאנצע שטעט און אפילע
גאנצע שטאמען פאר גלייבן אין אן אנדער גאָט אָדער פאר פארשוועכן דעם
גלויבן אין יאהווע.

ווען מע גיט זיך די מי און מע קלײַבט אוף דאָס אש פון אלע שטעט און
דערפער, וואָס זײַנען פארברענט געוואָרן אין נאָמען פונעם „קאמף פארן גלויבן",
וואָלט זיך באקומען א בארג אוואדע ניט קיין נידעריקערער ווי עווערעסט —
דער העכסטער בארג אין דער וועלט! אויב אָבער גאָט איז כאָכמע אליין, גנאָד
אליין, אויב ער איז אזוי אלמעכטיק אאוו., ווי זשע האָט ער געקאָנט גלײַכגיל־
טיק צוקוקן די אלע בלוטיקע רעליגיעזע מילכאָמעס און מאכלויקעס? און ווי קאָן
ער גלײַכגילטיק צוקוקן דעם פּײַן און וויי פון די ארבעטנדיקע אין די קאפּיטא־
ליסטישע און קאָלאָניאלע לענדער אין אונדזער צײַט?

## בלינדער האס צום פארשטאנד

די קלייקוידעש און די טעאָלאָגן פון אלע רעליגיעס פלעגן קיינמאָל ניט דער־
לויבן דעם מענטשן צו זוכן א דערקלערונג פאר די נאטור־דערשײַנונגען. דערי־
בער האָבן די גאלאָכים, ראבאָנים אדג. אומגעבראכט ניט איין צענדליק טאלאנט־
פולע נאטורפאָרשער, באשולדיקנדיק זיי אין האָבן א פארבינדונג מיטן „סאָטן".

יעטווידע רעליגיע פענטעט דעם מענטשנס פארשטאנד, באגרענעצט אים,
טרויט אים ניט. איבער דעם טאקע זײַנען אלע רעליגיעס שטענדיק געווען און
זײַנען געבליבן א טאָרמאָז פאר דער אנטוויקלונג פון דער וויסנשאפט.

די קלייקוידעש פון אלע רעליגיעס האָבן באזונדערס מוירע, ווען מע הייבט
אָן קריטיקירן די רעליגיע גופע, אירע דאָגמאטן און לערעס. זיי זאָגן, אז צו
אלץ, וואָס איז נעגייע דער גלויבנס־לערע, האָט ניט דער פארשטאנד און קאָן
ניט האָבן קיין שײַכעס. הייסט עס, אז רעליגיע איז בלינדער גלויבן, וואָס בא־
זירט זיך ניט אף קיין שום פאקטן.

ווען דער גרויסער פילאָסאָף באָרוך שפינאָזע האָט אָנגעהויבן קריטיקירן די
רעליגיעזע וועלט־אָנשויונג, האָבן אים די ראבאָנים גענומען פארפאָלגן אף
קאָלערליי אויפאנים. נאָך דעם, ווי עס האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן דער פרווו
אים צו דערהארגענען, האָבן די אמסטערדאמער ראבאָנים ארײַנגעלייגט אים אין
כיירעם. אין דער באשטימונג וועגן כיירעם איז געווען פארשריבן: „פארשאָלטן
זאָל ער זײַן באטאָג און באנאכט, פארשאָלטן זאָל ער זײַן, ווען ער לייגט זיך,
פארשאָלטן זאָל ער זײַן באַם ארײַנגיין און ארויסגיין... קיינער זאָל מיט אים
ניט האָבן קיין פארקער ניט מינדלעך, ניט שריפטלעך, ניט טאָן אים קיין טויווע,
ניט וווינען מיט אים אונטער איין דאך, ניט שטיין לעבן אים נעענטער ווי אף
פיר איילן, ניט לייענען קיין זאך, וואָס ער האָט אָנגעשריבן".

ווען שפינאָזע איז אלט געווען 8 יאָר, איז אין זײַן היימישער שטאָט אמס־
טערדאם באגאנגען זעלבסטמאָרד דער פרײַדענקער אוריעל אקאָסטא (אין 1640 יאָר).

דערצו האָבן אים דערפירט די ראַבאָנים און אַנדערע פאַנאַטיקער פון דער יידי־שער קעהילע.

אין דעם „הייליקן" בוך פון דעם פרומען יידן, אין דעם טאַלמוד, זיינען די „רעכט" פונעם פאַרשטאַנד באַגרענעצט אַפּ אַזאַ אויפן: „וועגן דעם, וואָס עס שטייט העכער פון דיר, טראַכט ניט; אין דעם, וואָס איז איבער דיינע קרעפטן, פאַרטיפּ זיך ניט; מיט דעם, וואָס איבער דיין פאַרשטאַנד, פאַרנעם זיך ניט; וועגן דעם, וואָס איז פאַרהוילט פון דיר, פרעג ניט. טראַכט נאָר וועגן דעם, וועגן וואָס עס איז דערלויבט צו טראַכטן; סוידעס זיינען צו דיר ניט שייעך" („ברײשיס-ראַבאָ").

אין אַן אַנדער אָרט פון אָט דעם רעליגיעזן בוך ווערט געזאָגט: „בעסער וואָלט זיין, אַז ניט געבוירן זאָל ווערן דער, וואָס דרינגט אַריין אין אָט די פיר זאַכן: אין דעם, וואָס עס איז העכער פונעם הימל, נידעריקער פון דער ערד, אין דעם, וואָס עס איז געווען פריער און וואָס וועט זיין שפּעטער. ווען עס איז ניט טייער דער קאָוועד פון זיין באַשאַפער, דער האָט ניט געזאָלט געבוירן ווערן" („האַגיגאָ").

אַזוי־אַרום זעען מיר, אַז אַלע רעליגיעס זיינען פיינטלעך דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד.

---

# II. צי איז מעגלעך די עקזיסטענץ פון גאָט

## צי קאָן עקזיסטירן אַ קערפּערלאָזן וועזן

אַפילע בא די גלייביקע, וואָס האַלטן זיך בא איין רעליגיע, איז ניטאָ און קאָן ניט זיין קיין איינהייטלעכע, אַלציינע פאָרשטעלונג וועגן גאָט. עס זיינען פאַראַן אָן אַ שיר רעליגיעס, און יעדע פון זיי האָט אַן אַנדער קוק אַפּ גאָט.

דער גלייביקער מענטש האַלט, אַז בלויז זיין גלויבן איז גערעכט און אַלע אַנדערע — זיינען אַ פאַרבלענדעניש. יעדע רעליגיע לערנט, אַז איר גאָט איז דער עמעסער און אַז די געטער פון אַנדערע רעליגיעס זיינען פאַלשע געטער. אָבער קיין איין רעליגיעזער מענטש קאָן ניט אומבאַשטרייטבאַר דערווייזן, פאַרוואָס איז גראַד זיין גלויבן אַזוי גוט.

וואָס דרינגט דערפון אַרויס?

דערפון דרינגט אַרויס, אַז עס קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן עפּעס אַ ריכטיקער רעליגיע. אַלע רעליגיעס זיינען פאַלש, אַלע זיינען זיי אומזיניק, אַבסור־דיש, אומגעלומפּערט, שעדלעך!

אָבער ווי שטאַרק עס זאָלן ניט שטרייטן צווישן זיך פאַרשיידענע רעליגיעס וועגן די מײלעס און אייגנשאַפטן פון זייער גאָט, איז בא זיי דאָך פאַראַן עט־וואָס געמיינזאַמס. אַלע האַלטן זיי, אַז גאָט — דאָס איז אַן איבערנאַטירלעך, ניט־מאַטעריעל וועזן, אָדער „ריינער גייסט". פאַקטיש אָבער זיינען אין דער נאַטור ניטאָ און קאָנען ניט זיין קיין שום איבערנאַטירלעכע, קערפּערלאָזע זאַכן.

וואָס אַזוינס איז גאָט, אַלס קערפּערלאָז, ניט־מאַטעריעל וועזן? קיינער פון

די גלייביקע קאָן דערופֿ ניט ענטפֿערן, ווײַל קיינער ווייסט ניט, וואָס אזוינס אייגנטלעך איז עס „ריינער גײַסט".

די וויסנשאפֿט האָט באוויזן, אז אלץ, וואָס עקזיסטירט אפֿ דער וועלט, איז אומבאדינגט מאטעריעל אָדער שטאמט פֿון מאטעריע, דה. עס איז א פּראָדוקט פֿון עטוואָס מאטעריעלס. דעריבער עקזיסטירט ניט און קאָן ניט עקזיסטירן דאָס אלץ, וואָס רעליגיע שטעלט אַרויס פֿאר „ריינעם גײַסט", פֿאר עטוואָס ניט מא-טעריעלס, איבערנאטירלעכס.

גאָט, מאלאָכים, שיידים און אנדערע רוכעס עקזיסטירן בלויז אין דער פֿאָר-שטעלונג פֿון די גלייביקע: זיי זײַנען א פּראָדוקט פֿון אונדזער פֿאנטאזיע, א פּראָדוקט פֿון מענטשלעכער אויסטראכטעניש.

## די אומגעלומפּערטקײַט פֿון גלייבן אין דער נעשאָמע

לויט דער רעליגיעזער וועלט-אָנשויונג איז די וועלט צעטיילט אפֿ צוויי טיילן — אפֿ דער נאטירלעכער וועלט און אפֿ דער איבערנאטירלעכער, אפֿ דער מאטעריעלער און גײַסטיקער, דערבײַ איז אלדאָס מאטעריעלע (קערפּערלעכע) אונטער-געוואָרפֿן דעם גײַסטיקן (דעם קערפּערלאָזן). גאָט — דאָס איז קלוימערשט א גײַסט, וואָס שטייט איבער דער וועלט און עקזיסטירט אָן און פֿאר זיך, אומאָפּ-העננגיק פֿון דער מאטעריע, און וואָס הערשט איבער דער גאנצער וועלט.

ווען מע רעדט וועגן דעם באגריף „גײַסט", האָט מען געוויינלעך אין זי-נען — געדאנק, באוווסטזײַן, געפֿיל און ביכלאל די דערשײַנונגען, וועלכע מיר רופֿן אָן „גײַסטיקע", אָדער, ווי געלערנטע זאָגן, „פּסיכישע". די וויסנשאפֿט האָט דערוויזן, אז אָט די אלע דערשײַנונגען זײַנען א רעזולטאט פֿון דער טעטיקײַט פֿון דעם מענטשנס לעבעדיקן אָרגאניזם, און פֿריִער פֿון אלץ, א רעזולטאט פֿון דער טעטיקײַט פֿונעם מארך. געדאנקען, געפֿילן, באוווסטזײַן זײַנען אומעגלעך א ו י ס ע ר דעם קערפּער. מענטשן האָבן עס אָבער ניט שטענדיק געוווסט, ווײַל זיי האָבן שלעכט געוווסט די סטרוקטור און טעטיקײַט פֿונעם מענטשנס קערפּער, א סאך מענטשן ווייסן עס נאָך אויך איצט שלעכט. דעריבער האָבן זיי טאקע, אלפֿי טאָעס, געהאלטן, אז ניט דער מענטשלעכער קערפּער גופֿע רופֿט אַרויס גע-פֿילן, באוווסטזײַן, געדאנקען אדג., נאָר עפּעס א קערפּערלאָז, אומזיכטבאר וועזן, וואָס געפֿינט זיך אינעם לעבעדיקן מענטשן, — די נעשאָמע. אָט די נאִיווע פֿאָרשטעלונג וועגן מענטשנס האָט זיך אײַנגעהיט אין אלע הײַנטצײַטיקע רעליגיעס.

גלייביקע מענטשן האלטן, אז פֿון דער נעשאָמע, וואָס הויזט קלוימערשט אין דעם מענטשנס קערפּער, זײַנען אָפּהענגיק ניט בלויז די פּסיכישע דערשײַ-נונגען, נאָר דאָס לעבן גופֿע פֿונעם מענטשן. זיי מיינען, אז א מענטש שטארבט מאכמעס דעם, וואָס די נעשאָמע פֿארלאָזט דעם קערפּער און הייבט אָן זעלב-שטענדיק עקזיסטירן אלס גײַסט אפֿ יענער-וועלט (אין גאניידן אָדער אין גענעם).

פֿרעגט זיך אָבער א קאשע: אויב די נעשאָמע איז אומאָפּהענגיק פֿון קער-פּער, טאָ ווי זשע קומט זי צום מענטשן?

אפֿ אָט דער פֿראגע ענטפֿערט דער יודאיִזם און דאָס קריסטנטום: גאָט האָט „ארײַנגעהויכט" די נעשאָמע אינעם „ערשטן" מענטשן — אין אָדאָמען. אָבער אויב די נעשאָמע פֿונעם לעגענדארן אָדאָם האָט געשאפֿן גאָט, פֿונוואנען זשע קומט

די נעשאָמע צו אָדאָמס פּרוי, צו כאַוועַן, און פונוואַנען נעמען זיך די נעשאָמעס צו אַלע מענטשן?

אין דער ביבלישער לעגענדע וועגן דער באַשאַפונג פונעם מענטשן ווערט דערציילט, אַז גאָט האָט געשאַפן כאַוועַן פון אָדאָמס אַ ריפּ. שטעלט זיך אַ פראַגע: איז וווּ זשע שטעקט די פרויען-נעשאָמע, באַם מאַנצבל אין ריפּ?

די ביבלישע דערציילונג וועגן דער באַשאַפונג פון דער ערשטער פרוי איז ניט נאָר אומגעלומפּערט, נאָר אויך באַליידיקנדיק פאַר דער פרוי. פון דער דאָזיקער לעגענדע דרינגט אַרויס, אַז די פרוי איז עפּעס אַ נידעריקערע באַשעפעניש אין פאַרגלייַך מיטן מאַנצבל. ס'איז דעריבער גאָר קיין וווּנדער ניט, וואָס יעדן טאָג דאַנקט דער פרומער ייִד באַם דאַווענען גאָט פאַר דעם, וואָס ער האָט אים ניט געשאַפן אַלס פרוי. און אַ סאַך קריסטלעכע געלאָכים האָבן אין מעשעכ פון אַ לענגערער צייַט אַפילע געהאַלטן, אַז די פרוי פאַרמאָגט גאָר אינגאַנצן קיין נעשאָמע ניט...

אויב דער קערפּער הייבט אָן לעבן דערפון, וואָס אין אים גייט אַרייַן די נעשאָמע, אַנטשטייט אַ פראַגע: אין וועלכן מאָמענט, נעמלעך, פאַרייניקט זיך די נעשאָמע מיטן קערפּער? וואַרשייַנלעך, ניט בייסן טראָגן, ווייַל עס טרעפן דאָך פאַלן, ווען עס ווערן געבוירן טויטע קינדער. עס איז אויך אומעגלעך, אַז די נעשאָמע זאָל אַרייַן אין קינד אין דעם מאָמענט, ווען עס ווערט געבוירן: יעטווידע מעובערעסע פרוי פילט דאָך די באַוועגונגען פון דעם קינד באַ איר אין בויך, איידער עס ווערט נאָך געבוירן.

אַזוי־אַרום מוזן די אָנהענגער פון רעליגיע בלויז אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט, ווען מע פרעגט באַ זיי: ווען זשע גייט די נעשאָמע אַרייַן אין קערפּער? דאָס באַווייַזט, ווי אומזיניק עס איז צו גלייבן אין דעם, אַז עס עקזיסטירט די נעשאָמע און ביכלאַל עטוואָס קערפּערלאָזס, איבערנאַטירלעכס.

## אָן קערפּער איז ניטאָ קיין „גייַסט"

די ווִיסנשאַפט האָט צעשטערט די פאָרשטעלונג וועגן אַ קערפּערלאָזער נעשאָמע, וואָס עקזיסטירט באַזונדער פונעם אָרגאַניזם. זי האָט דערוויזן, אַז גייַסטיקע, פסיכישע דערשייַנונגען, דער באַוווּסטזייַן זייַנען אַן אייגנשאַפט פון דעם קערפּער: פילן און פאַרלאַנגען קאָן נאָר אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם.

אַלע גייַסטיקע דערשייַנונגען זייַנען אויסערן מאַרך, אויסערן לעבעדיקן אָרגאַניזם, ד.ה. אויסער דער מאַטעריע, אַבסאָליוט אומעגלעך. דער מאַרך איז אַ טייל פון קערפּער, דאָס איז מאַטעריע, מער ניט אַ גאַנץ קאָמפּליצירט אייַנגעאָרדנטע, אַפּ אַ ספּעציִעלן אופן אָרגאַניזירטע מאַטעריע.

געלערנטע האָבן דערוויזן, אַז יעטווידער טייל פון מאַרך איז באַלעבאָס, אַזוי צו זאָגן, איבער אַ באַזונדערן געביט; אין דער פּאָטיליצע, צום בייַשפּיל, געפינט זיך דער אַזויגערופענער „ריִע-צענטער", דה. דער טייל מאַרך, וואָס גיט די מעגלעכקייַט צו זען. אויב אָט דער טייל איז עפּעס ניט מיט אַלעמען (לעמאָשל, עס דריקט אַפּ אים אַ געשווילעכץ), הערט אויף דער מענטש צו זען, כאָטש די אויגן זייַנען באַ אים גאַנץ: ער קוקט, אָבער ער זעט ניט.

פון דער לינקער און פון דער רעכטער זײַט מארך געפינען זיך די „בא-וועגונגס-צענטערן", וועלכע גיבן אונדז די מעגלעכקײַט צו ברענגען אין באוועגונג די פיס, הענט און די צונג. אויב אַפּ איינעם פון אָט די ערטער וועט פלאצן אן אָדער און דאָס בלוט וועט זיך אויסגיסן און צודריקן א „באוועגונג-צענטער", „נעמט זיך" באם מענטשן אָפּ א העלפט קערפער: ער וויל, אָבער ער קאָן ניט קיין ריר טאָן מיט א פוס, א האנט, מיט דער צונג.

וועגן וואָס זשע רעדט עס?

בלויז וועגן דעם, אז אָן דער טעטיקײַט פון מארך זײַנען ניט געמאָלט די אלע דערשײַנונגען, וואָס די רעליגיע האלט, אז זיי איז גוירעם די נעשאָמע.

קאָלזמאג עס ארבעט ריכטיק דער מארך, איז דער מענטש מעסוגל צו פילן, געדענקען, טראכטן, וועלן אאוו. און קעדיי דער מארך זאָל ארבעטן ריכטיק, דארף צו אים בעשעפע צופליסן פריש בלוט, דה. בלוט, וואָס איז רײַך מיט זויער-שטאָף (דער דאָזיקער גאז קומט אין בלוט פון דער לופט, וועלכע מיר אָטע-מען ארײַן).

ווען פונעם קאָפּמארך פליסט אָפּ דאָס בלוט, קאָן דער מארך ניט ארבעטן ריכטיק, דער מענטש פארלירט דאן דעם באוווסטזײַן: ער פילט ניט, געדענקט ניט, טראכט ניט, פארלאנגט ניט אאוו., כאָטש ער לעבט. אזוי פאסירט לעמאָשל, בײַ א מענטש פאלט כאלאָשעס; דאָס קומט צומאָל פון דושנעקײַט, בלוטפאר-לוסט, פון א קלאפּ אין קאָפּ, אין בויך, פון ווייטעק, דערשרעק און פון א ריי אנדערע סיבעס. וווהין זשע קומט דעמלט אהין דעם מענטשנס „נעשאָמע"?

ווען צום קאָפּמארך הייבט אָן ווײַטער צופליסן א גענוגער סכום בלוט, קומט דער מענטש „צו זיך", ער הייבט אָן ארויסווײַזן די אלע אייגנשאפטן פונעם קערפער, וואָס מיר רופן זיי אָן „גײַסטיקע". הייסט עס, אז אָט די אייגנשאפטן זײַנען פארבונדן מיט דער נאָרמאלער, ריכטיקער ארבעט פונעם אָרגאניזם, דה. ניט דער קערפער הענגט אָפּ פון דער „נעשאָמע" (ווי עס לערנט די רעליגיע), נאָר פארקערט — די „נעשאָמע" (דה. דאָס אלץ, וואָס מיר רופן אָן גײַסטיקע דערשײַנונגען) הענגט אָפּ פונעם קערפער, פריער פון אלץ פונעם מארך.

אז דאָס איז ווירקלעך אזוי, איז צו זען אויך פון אזוינע בײַשפּילן:

א מענטש טרינקט אויס ווײַן, און בא אים ענדערן זיך די שטימונגען, גע-דאנקען, פארלאנגען, פאָרשטעלונגען. א מענטש שלינגט אראָפּ א פּראָשעק אָפּיום, ער ווערט אנשלאָפן מיט א הארטן שלאָף און געדענקט קיין זאך ניט, וואָס ס'קומט פאָר מיט אים; דאָס הייסט, אז די אזויגערופענע גײַסטיקע אייגנשאפטן ענדערן זיך, אויב אין בלוט קומט ארײַן א שטאָף, וואָס איז שעדלעך פארן מארך (אלקאָהאָל, אָפּיום אאוו.).

פּונקט אזוי לײַדט די „נעשאָמע", אויב אין בלוט פעלט עפּעס א שטאָף, וואָס איז ניצלעך פארן מארך, אויב דאָס בלוט באקומט ניט, לאָמיר זאָגן, די אזויגערופענע גאָרמאָנען, וועלכע ווערן אויסגעטיילט דורך אייניקע דריזן פונעם מענטשנס אָרגאניזם.

צום בײַשפּיל, אויב א קינד ווערט קראנק און אין רעזולטאט דערפון הערט בא דעם אויף צו ארבעטן די שילד-דריז (זי געפינט זיך אפן האלדז), ווערט דאָס קינד אידיאָטיש. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די דאָזיקע דריז הערט אויף אויסצוטיילן אין בלוט איר גאָרמאָן (א ספּעציעלער שטאָף, וואָס הייסט טיראָקסין),

אין וועלכע עס נייטיקט זיך שטארק דער מארך. אויב מע זאָל אָבער אָנהייבן קאָרמענען דאָס קינד מיט א פראַשעק, וואָס איז געמאכט פון אן אויסגעטריקנ־טער קעלבערנער שילד־דריז (אָדער אויב מע זאָל דעם ארײַנשפריצן אין בלוט דעם טיראָקסין, וואָס מע האָט באקומען פון די דאָזיקע דריזן), וועט זיך דאָס קינד אָנהייבן נאָרמאל צו אנטוויקלען.

עס איז קלאָר אזויארום, אז אָן קערפער איז ניטאָ קיין „גײַסט", זײַנען ני־טאָ קיין שום גײַסטיקע דערשײַנונגען.

## דער יעסאָד פון אלץ איז די מאטעריע

אפן גרונט דערפון, וואָס מיר האָבן דאָ דערציילט, קומען מיר צום אויספיר:

זעלבשטענדיק, אָפגעריסן פון דער מאטעריע עקזיסטירט ניט דאָס, וואָס מיר רופן אָן „גײַסט", דה. די פסיכישע דערשײַנונגען. דער „גײַסט", דה. געפיל, באַ־וווסטזײַן, געדאנק, — דאָס זײַנען בלויז אייגנשאפטן פונעם מארך. דאָס איז בלויז א פראָדוקט פון דער סאמע קאָמפּליצירטער, סאמע הויך־אָרגאניזירטער מא־טעריע — פון דעם מענטשלעכן מארך. הייסט דאָס, אז מאטעריע דאָס איז דאָס ערשטיקע, דאָס איקערדיקע און גײַסט — דאָס איז דאָס צווייטיקע, דאָס ארויס־דרינגענדיקע, דה. דער גײַסט עקזיסטירט בלויז אלס פראָדוקט פון דער טעטיקייט פון דעם לעבעדיקן קערפער.

אויב א מענטש פארמאָגט ניט קיין נעשאָמע, וואָס זאָל פאָרשטעלן מיט זיך א זעלבשטענדיק וועזן, איז ווי קאָן מען ריידן וועגן א קערפערלאָזער וועלט אויסערן מענטשן?

פארשטייט זיך, אז מע קאָן ניט. דער גלויבן אין א קערפערלאָזער וועלט איז געקניפּט און געבונדן מיטן גלייבן אין דער נעשאָמע, און אָפּלייקענענדיק די עקזיסטענץ פון קערפערלאָזע גײַסטער, לייקנט די וויסנשאפטלעכע וועלט־אָנ־שויונג דערמיט גופע אָפּ דעם גלויבן אין אלדאָס איבערנאטירלעכע, ניט־מאטע־ריעלע אדג. דעריבער אויך — דעם גלויבן אין געטער. עס איז קלאָר, אז די וויסנ־שאפטלעכע וועלט־אָנשויונג איז אבסאָליוט קעגנזעצלעך צו דער רעליגיעזער וועלט־אָנשויונג.

די שטרענג־וויסנשאפטלעכע וועלט־אָנשויונג הייסט מאטעריאַליסטישע וועלט־אָנשויונג. „מאטעריאַליסטישע וועלט־אָנשויונג, — שטרײַכט אונטער דער גרויסער לערער פונעם פראָלעטאריאט פרידריך ענגעלס, — באטײַט פּאָשעט פארשטיין די נאטור אזוי, ווי זי איז, אָן קיין שום זײַטיקע צוגאָבן" (ק. מארקס און פ. ענגעלס, ווערק, ב. XVI, ז. 651).

אָט די וועלט־אָנשויונג האלט, אז דער יעסאָד פון אלע דערשײַנונגען איז די אייביק באוועגלעכע און פארענדערלעכע מאטעריע, אז די גאנצע וועלט איז לויטן עצעם טאָך אירן מאטעריעל. דער גײַסט — דאָס איז דער פראָדוקט פון דעם מענטשנס מארך. אין דער וועלט זײַנען ניטאָ קיין שום איבערנאטירלעכע וועזנס, „קערפערלאָזע גײַסטער". דעריבער איז ניטאָ און קאָן ניט זײַן אויך דאָס, וואָס בא גלייביקע הייסט עס — גאָט.

## פלוידערײַ וועגן דער אומבאַגרײַפלעכקײַט פון גאָט

גלייביקע פאַרזיכערן שטענדיק, אַז דאָס, וואָס גאָט עקזיסטירט, פאָדערט גאָר קיין באַווײַזן ניט. אין טאָג גענומען הייסט עס, אַז דערווײַזן די עקזיסטענץ פון גאָט איז אוממעגלעך.

געוויינלעך טײַנען טאַקע די גלייביקע אַזוי. זיי זאָגן: „גאָט עקזיסטירט, ווײַל איך גלייב אין אים". באַקומט זיך אַזוי: גלייבט מען אין גאָט — איז ער דאָ, גלייבט מען ניט — איז ער ניטאָ...

דער אָבער, וואָס שטעלט זיך אויף אַזאַ שטאַנדפּונקט, אָנערקענט דאָך, אַז גאָט עקזיסטירט בלויז אין דעם באַוווסטזײַן פון די גלייביקע.

פאַרוואָס זשע דאַרף מען עס גלייבן אין גאָט אָן שום באַווײַזן? דערויף גיבן די גלייביקע אַזאַ ענטפער: גאָט איז אַ ניט-מאַטעריעל, איבערנאַטירלעך וועזן, דעריבער איז ער ניט צוטריטלעך, אומבאַגרײַפלעך פאַרן פאַרשטאַנד.

צי קאָן מען גלייבן און צי לוינט צו גלייבן אין עטוואָס אַזוינס, וואָס מע קאָן עס ניט באַגרײַפן?

ניט ווייניקער אומאָנגענעם איז געווען פאַר די גאָטספאָרכטיקע לײַט אויך אַן אַנדער פראַגע: ווי זשע האָבן זיי אַליין באַגריפן גאָט, אויב גאָט איז ניט-צוטריטלעך פאַרן מענטשנס פאַרשטאַנד? פונוואַנען ווייסן זיי אַזוי גוט וועגן גאָט, וועגן זײַנע אייגנשאַפטן, וועגן וועלכע זיי טײַנען אַלעמאָל אַזוי געדרונגען און באַאַריכעס.

פרומע לײַט זאָגן, אַז גאָט איז אַ קערפּערלאָזע באַשעפעניש, אָן קיין שום אָרגאַנען, און ניט געקוקט דערויף, רעכענען זיי אויס אָן אַ שיר „אייגנשאַפטן" פון דער דאָזיקער קערפּערלאָזער באַשעפעניש, וואָס זיי אַליין זאָגן, אַז זי איז אומבאַגרײַפלעך. זיי טײַנען, אַז דאָס איז אַ גײַסט אַן אייביקער, אַן אַלמעכטיקער, אַן אומפאַרענדערלעכער, אַן אַלצוויסנדיקער, אַ גײַסט, וואָס איז פול מיט חכמה, גנאָד אאַוו.

פונוואַנען ווייסן זיי עס, ווײַבאַלד זיי אַליין זאָגן, אַז גאָט איז אומבאַגרײַפלעך?

דאָס אַלץ, וואָס קלייקוידעש פון פאַרשיידענע רעליגיעס דערציילן וועגן גאָט, רובעס אאַזוו., האָט קיין שום שײַכעס ניט מיט וויסנשאַפט און ניט מיטן סייכל-האיאָשער. קיין איינע פון זייערע באַהויפּטונגען קאָן ניט דערוויזן ווערן, קיין איינע פון זיי ווערט ניט באַשטעטיקט דורך דער דערפאַרונג און איז ניט מער ווי פאַנטאַזיע, אויסטראַכטעניש. און ווען עפּעס אַ רעליגיעזער באַלדאַרשן טײַנעט מיט גלייביקע וועגן איבערנאַטירלעכס, קערפּערלאָזס, אומבאַגרײַפלעכס, האָט ער אַליין קיין שום אַנונג ניט, וועגן וואָס ער רעדט. ניט אומזיסט האָט דער דערמאָנטער גרויסער פראַנצויזישער פרײַדענקער וואָלטער געזאָגט, אַז אין דעם פאַל באַקומט זיך אַזאַ בילד: „צוויי פאַרשוויגענע ריידן, אָבער דער, וועלכער רעדט, פאַרשטייט ניט דאָס, וואָס ער אַליין רעדט, און דער, וואָס הערט, מאַכט אָן אָנשטעל, אַז ער פאַרשטייט אים יאָ".

## ווּ זשע געפינט זיך פּאָרט גאָט

די ייִדישע, קריסטלעכע און מוסולמענישע רעליגיעס רופן אָן גאָט „האר פון הימל". זיי האלטן, אז גאָטס ווינאָרט איז דער הימל, וואָס איז קלוימערשט פארשפרייט איבער דער ערד אין דער פאָרם פון א בלויען הארטן געוועלב. אָבער די וויסנשאפט האָט דערוויזן, אז קיין שום הימל איז אינדערעמעסן ניטאָ.

די פאָרשטעלונג וועגן א הארטן הימל-געוועלב איז אופגעקומען צו יענער צייַט, ווען די מענטשן האָבן געהאלטן, אז די ערד איז פלאך ווי א לאָקשן-ברעט. איצט אָבער וויסן מיר, אז די ערד איז א קייַלעך און אז דער וועלט-רוים הייבט זיך אין ערגעץ ניט אָן און לאָזט זיך אין ערגעץ ניט אויס. אָט דער אומענדלעכער רוים רינגלט ארום פון אלע זייַטן דעם וועלט-קייַלעך. די זון, די לעוואָנע, די שטערן האָבן אויך א קייַלעכארטיקע פאָרם, און א סאך פון זיי זייַנען פיל גרעסער פון אונדזער ערד. די ערד — דאָס איז בלויז איינער פון דער גרויסער צאָל הימל-קערפערס, און דער „הימל" — דאָס איז דער אומענדלע-כער וועלט-רוים.

דאָס, וואָס מענטשן האָבן פריִער געהאלטן פאר א הארטן הימל-געוועלב, שטעלט מיט זיך פאָר פאקטיש דאָס לופט-הייַטל פונעם וועלט-קייַלעך. די גע-לערנטע האָבן דערוויזן, אז די טיילעכלעך לופט און קליינע שטויבעלעך, וואָס טראָגן זיך ארום אין דעם לופט-הייַטל, האָבן א טעווע, אז זיי צעזייען אין אלע זייַטן ליכט-שטראלן, הויפטזאכלעך — בלויע אָדער טונקל-בלויע. אלע איבעריקע מינים שטראלן (געלע, גרינע אאוו.) האלטן זיי איין אין א געוויסער מאָס. אָט דאָס איז די סיבע, איבער וועלכער דער הימל זעט אונדז אויס צו זייַן בלוי אָדער טונקל-בלוי בא דער העלער זונענשייַן אָדער ווען אין דער לופט זייַנען פאראן וויניק וואָלקנס. הייסט עס, אז דאָס, וואָס מיר רופן אָן — בלויער הימל-געוועלב, איז א שייַנבארע דערשייַנונג.

אויב אָבער עס איז ניטאָ קיין שום הימל, אויב עס איז פאראן בלויז אומ-ענדלעכער וועלט-רוים, איז ווי זשע רופט מען עס אָן גאָט „הימל-האר"? קומט אויס, אז ער איז אי ניט קיין ערדישע אי ניט קיין הימלשע באשעפעניש! ווּ זשע איז ער?

די רעליגיע האלט, אז גאָט געפינט זיך ניט נאָר אפן הימל, נאָר ער איז אומעטום. די קלייקוידעש און טעאָלאָגן זאָגן, אז גאָט געפינט זיך אומעטום, ניט פארנעמענדיק קיין שום אָרט; אז ער איז אין אלע זאכן, אָבער ער איז ניט פאראן אין קיין איינער; אז מיט אים איז פול די גאנצע נאטור, אָבער גלייַכ-צייַטיק שטייט ער איבער דער וועלט. אָט די לערע איז אָבער אויסערסטס אומ-געלומפערט, אומזיניק און ווידערשפרעכט שארף די אנדערע האנאָכעס פון דער רעליגיעזער וועלט-אָנשויונג גופע.

טאקע אזוי, אויב גאָט געפינט זיך אומעטום, וואָס פאר א זין האָט בויען פאר אים טעמפלען, וואָס גראָד דאָרט דארף עס, לויט דער לערע פון אלע קליי-קוידעש, לעבן גאָט? און א צווייטע פראגע: וויַאזוי זשע קאָן מען האלטן גאָט פאר א וועזן, וואָס שטייט אויסער דער וועלט און וואָס גלייַכצייַטיק איז מיט אים פול די גאנצע וועלט? אויב אָבער גאָט הויזט אין יעדן טיילכעלע פון דער

באטור, איז יעטווידעס טײלכעלע פון דער נאטור א טײל פון גאָט. קומט אויס, אז אויך די גאנצע נאטור איז גאָט, אז גאָט און די נאטור זײַנען ניט קײן צװײ פארשײדענע זאכן, נאָר אײנס און דאָס זעלבע...

אזא לערע הײסט פאנטעיִזם (פון צװײ גריכישע װערטער: „פאנ" — אלץ, און „טעאָ" — גאָט). אָט די לערע ברענגט צום אױספיר, אז גאָט איז ניט קײן װעזן, װאָס שטײט אױסער דער װעלט, אז ער איז צונױפגעגאָסן מיט דער גאנצער װעלט, עקזיסטירט ניט באזונדער פון דער װעלט. דאָס הײסט, אז די רעליגיעזע לערע װעגן גאָט, װאָס איז אומעטום, װידערשפרעכט דער רעליגיעזער לערע װעגן דער פערזאָן פון גאָט און ברענגט צום געדאנק, אז גאָט—דאָס איז טאקע די נאטור גופא. און אויב אזוי, איז אַן אומזין צו רײדן, אז גאָט איז א גײַסט, װאָס האָט געשאפן די נאטור און שטײט איבער איר.

יעטװידע רעליגיע האלט די אָנהענגער פונעם פאנטעיִסטישן שטאנדפונקט פאר רענעגאטן און דעם פאנטעיִזם — פאר א הארבער „אװײרע". דעריבער האָבן די קאטױלישע גאלאָכים אפן װאטיקאנער צוזאמענפאָר אין 1870 געמאָלדן: „זאָל זײַן פארשאָלטן דער, װאָס זאָגט, אז דאָס װעזן פון גאָט און פון אלע זאכן איז אײנס און דאָס זעלבע".

אלזאָ, אפ אָט דעם בײַשפּיל מיט דער לערע װעגן דעם, אז גאָט איז אומעטום, זעען מיר, װי אײן זײַט פון דער „רעליגיעזער װעלט-אָנשױונג געפינט זיך אין א שארפן װידערשפּרוך מיט אנדערע זײַטן פון דער דאָזיקער װעלט-אָנשױונג. די לערע פון די גאלאָכים און ראבאָנים װעגן דעם, אז גאָט איז אומעטום, געפינט זיך אין א שארפער סטירע מיט זײער לערע װעגן דעם, אז גאָט געפינט זיך איבער און אויסער דער װעלט. צי איז עס ניט קײן באװײַז דערפון, אז די אידײ פון גאָט איז אַן אומגעלומפּערטע אידײ?

---

## III. װי אזוי מע מאָלט זיך אויס גאָט

### מיט װאָס פארא אײגנשאפטן מע באשענקט גאָט

די רעליגיע באהױפּט, אז עס איז ניטאָ אזא אָרט, װוּ גאָט זאָל ניט זײַן; אז עס איז גאָר ניטאָ קײן זאך אפ דער װעלט, װאָס ער זאָל ניט קאָנען אױפטאָן; אז ער װײסט אלץ אפריִער; אז ער פארשטײט אלץ; אז ער איז פול מיט גנאָד און לײַטזעליקײַט.

װען מע זאָל אָבער גוט דורכטראכטן אלץ, װאָס די קלײקױדעש פון פארשײדענע רעליגיעס דערצײלן װעגן גאָט, װעט װערן קלאָר, אז די אידײ פון גאָט איז אומזיניק און אז די רעליגיעזע װעלט-אָנשױונג איז פול מיט סטירעס.

אזוי, צום בײַשפּיל, טײַנען די גלײביקע, אז גאָט פאָדערט, מע זאָל אים קענען, ליב האָבן, מוירע האָבן פאר אים. אָבער אויב אזוי, פארװאָס זשע באװײַזט ער זיך ניט? װי קאָן מען ליב האָבן אזוינס, װאָס מיר קענען עס ניט און מיר פארשטײען עס ניט? און פארװאָס טאקע האָט ער זיך ביז הײַנטיקן טאָג ניט געקאָנט דערשלאָגן, אז אלע מענטשן זאָלן אים פארהערלעכן?

אויב גאָט איז אומבאגרייפלעך, טאָ פארוואָס זשע דארפן מיר זיך מיט אים פארנעמען? און אויב ער עקזיסטירט ווירקלעך, איז ווי זיינען די באווייזן, אז ער איז גוט און לייטזעליק? אויב ער איז ווירקלעך דער גנעדיקסטער און לייטזעליקסטער, וואָס זשע דארפן מיר מוירע האָבן פאר אים?

די גלייביקע האלטן, אז גאָט הערט אויס און נעמט אוף זייערע טפילעס. אויב אָבער גאָט רעגירט איבער דער גאנצער וועלט, צי דארף מען אים דערגייבן די יאָרן מיט אונדזערע נישטיקע געשעפטן? דערצו נאָך, אויב גאָט איז אומעטום און איז פול מיט כאָכמע, וואָס זשע האָבן מיר צו זאָרגן: צי ווייסט ער דען אליין ניט, אָן מענטשלעכע טפילעס, וואָס ער האָט צו טאָן?

אויב גאָט איז אלמעכטיק, אויב פאר אים איז אלץ מעגלעך, צי קאָן ער שאפן אזא שווערן שטיין, וואָס ער אליין וועט אים ניט קאָנען אופהייבן? צי קאָן גאָט מאכן, אז צוויי מאָל צוויי זאָל ניט זיין פיר?

אָט די פראגן זיינען ניט עפעס קיין קוריאָז: שוין אין די אוראלטע צייטן פלעגן זיי אופקומען אפילע בא גלייביקע, ווייל זיי דרינגען אומפארמיידלעך ארויס פון דער פאָרשטעלונג וועגן דעם אלמעכטיקן וועזן. דאָס זאָגט אָבער איידעס וועגן דער אומזיניקייט פון דער אידיי פון גאָט.

אויב עס וואָלט ווירקלעך עקזיסטירט א גאָט, וואָס פירט אָן מיטן לעבן פון מענטשן, וואָלטן אים די קלייקוידעש פון איין און דער זעלבער רעליגיע אף יעדן שריט און טריט געשטעלט אין א קאָמישער לאגע. אזוי איז געווען, צום ביישפיל, בייס דער ערשטער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע און אזוי קומט פאָר איצט. די קלייקוידעש פון יעדער פון די מילכאָמע-פירנדיקע לענדער האָבן דעמלט געבעטן און בעטן איצט צום „גאָט פון ראכמאָנעס", ער זאָל העלפן זייער לאנד.

אפילע אין איינעם א בורזשואזן ענגלישן זשורנאל האָט זיך בייס דער ערשטער אימפעריאַליסטישער וועלט-מילכאָמע באוויזן א שארפזיניקע קאריקאטור: עס איז געווען אויסגעמאָלט, וויאזוי גאָט זיצט אין הימל און פון אונטן ציען זיך צו אים רוסן, דייטשן, עסטרייכער, פראנצויזן, איטאליענער, ענגלענדער און אנדערע מילכאָמע-פירנדיקע פעלקער. אלע האָבן זיי זיך געווענדט צו אים מיט איין און דער זעלבער טפילע: „גאָט אין הימל, העלף אונדז איבערראָטן אונדזערע סאָנים!". און גאָט זיצט אין פארלעגנהייט, ווי ער וואָלט זאָגן: „ניט שוין זשע וועלן די דאָזיקע מענטשן ניט דערלאָזן, אז כאָטשבי איך איינער זאָל אייננהיטן נייטראַליטעט?".

## ווי זשע זעט ער אויס, גאָט

קעדיי זייערע באַבעמייסעס זאָלן זיין מער באגלייבט, פארזיכערן די קלייקוידעש, אז די רעליגיע איז א רעזולטאט פון „אנטפלעקונג", דאָס הייסט, אז גאָט אליין האָט זי אמאָל אנטפלעקט דעם מענטשן. יעטווידע רעליגיע טענעט, אז זי האָט איר „הייליקן סייפער", וואָס איז קלוימערשט ניט קיין מענטשלעך, נאָר א „געטלעך ווערק"; יעטווידע רעליגיע דערקלערט, אז אלע אנדערע גלויבנס זיינען פאלשע און אז בלויז אין איר ביבל האָט זיך אנטפלעקט גאָט און די סאמע ריכטיקע לערע וועגן גאָט.

יידן און קריסטן האלטן פאר א געטלעכן איינעם א גאָר אלטן בוך, וואָס

הייסט בא זיי „ביבל". זיי טײַנען, אז די ביבל איז פאַרשריבן געוואָרן לויט גאָטס רייד און דעריבער גיט זי די סאַמע ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגן גאָט — וועגן זײַנע אייגנשאַפטן, פאַרלאַנגען, מײַסים און אאַז"וו.

וואָס זשע שטעלט פאָר מיט זיך גאָט, אויב מע זאָל אורטיילן לויט דער ביבל? לאָזט זיך אויס, אז לויט דער ביבל מאָלט זיך גאָט אויס גאָר אפּ א מענטשלעכן שניט. דער ביבלישער גאָט אונטערשיידט זיך ווייניק-וואָס פון די געטער פון די אַלע פעלקער, וואָס בײַ יידן און קריסטן הייסן זיי „געצנדינער".

אין דער ביבל ווערט געזאָגט, אז גאָט האָט באַשאַפן די מענטשן „לויטן געשטאַלט און מוסטער זײַנעם", הייסט עס, אז לויט דעם מענטשנס אויסזען און אייגנ-שאַפטן קאָן מען אורטיילן וועגן דעם, ווער אַזוינער איז גאָט. ווײַבאַלד אָבער מענטשן טיילן זיך אפּ פרויען און מאַנצבלען, אפּ וועמען זשע פון זיי איז גאָט ענלעך? אָדער עפּשער דאַרף מען אים בּיכלאַל האַלטן פאַר א באַשעפעניש, וואָס איז ענלעך צו ביידע געשלעכטן מיטאַמאָל?

די ביבל גיט ניט קיין ענטפער אפּ אָט די פראַגן. לויט דער „הייליקער טוירע" פאַרמאָגט גאָט ריין-מענטשלעכע אייגנשאַפטן, קומט, הייסט עס, אויס, אז ער איז א קערפּערלעכע באַשעפעניש און איז גאָר ווי דער מענטש.

און טאַקע אַזוי. אין א גאַנצער ריי ערטער רעדט זיך אין דער ביבל וועגן דער קערפּערלעכער ענלעכקײַט פון גאָט צום מענטשן, דה. וועגן דעם, אז ער האָט א פּאָנעם, א האַרץ, הענט, פיס און אַנדערע טיילן פונעם קערפּער. אין „בריישיס" (קאַפּיטל III, פּאָסעק 8) לייענען מיר, אז אָדאָם און כאַווע האָבן געהערט גאָט „אַרומגייען איבערן גאַניידן בײַם דער קילקײַט פון טאָג". זיי האָבן געהערט זײַנע טריט און זײַנ שטים. צו אַוראָם אָווינו האָט זיך גאָט באַווײַזן אונטער א בוים אין א מענטשלעכן געשטאַלט, אין בעגאָדים, און אַוראָם האָט געהאָדעוועט גאָט מיט ברויט ווי א געוויינלעכן מענטשן („בריישיס", קאַפּיטל XVIII, פּאָסעק 8). מיט איין וואָרט, די ביבל מאָלט גאָט ווי א באַשעפעניש מיט א מענטשלעכן געשטאַלט.

די ביבל דערציילט, אז גאָט פלעגט זיך באַווײַזן די מענטשן דאָ אין א ברענענדיקן דאָרן, וואָס ווערט ניט פאַרברענט, דאָ אין א פײַער-זײַל. און ווען מוישע האָט געבעטן בײַ גאָט, אז ער זאָל אים באַווײַזן זײַן פּאָנעם, האָט גאָט אײַנגעשטימט נאָר צו באַווײַזן זײַן פּלייצע. ער האָט געזאָגט צו מוישען: „אָט איז אַן אָרט: און שטעל זיך אפּן פעלדז. ווען עס וועט נעמען פאַרבײַגייען דער קאָוועד מײַנער, וועל איך דיך אַוועקשטעלן אין באַרג-שפּאַלט און וועל דיך צו-דעקן מיט דער האַנט מײַנער, ביז איך וועל ניט פאַרבײַגיין... און ווען איך וועל אַראָפּנעמען די האַנט מײַנע, וועסטו מיך דערזען פון הינטן" („שמויס", קאַפּיטל XXXIII, פּאָסעק 21 — 23).

אַזוי-אַרום ווערט אין דער ביבל קלאָר גערעדט ניט בלויז וועגן דעם, אז גאָט איז עפּעס מאַטעריעלס, נאָר אויך, אז ער איז ענלעך צום מענטשן, אפילע דער „זײַל פונעם קריסטנטום", דער אַרציבישאָפּ מאַקאַרי, האָט געמוזט קאָנסטאַ-טירן, אז אין דער גאַנצער ביבל ווערט אין ערגעץ ניט גערעדט וועגן גאָט אַלס גײַסט.

די מיטלאַלטערלעכע ראַבאָנים האָבן געמאָלט גאָט אין דער קאַבאָלע ווי א זאָקן, 500 מיליאָן מײַל די הייך. אין העסקעם דערמיט האָבן זיי אויסגערעכנט, אז

אָט דאָס קאָלאָסאַלע וועזן פאַרמאָגט 1000007000 לאָקן, אַז די פינגער זײַנע זײַנען 1200000 מײַל די לענג אאַוו. די ראַבאָנים אָבער זאָגן ניט, וויאַזוי עס האָט זיך זיי אײַנגעגעבן דאָס אַלץ אַזוי פּינקטלעך פעסטצושטעלן, אויב אַפילו מוישע האָט, לויט די ווערטער פון דער ביבל, ניט געזען גאָט אַנדערש ווי פון הינטן.

די קריסטן מאָלן גאָט אָפּ די איקאָנעס ווי א מענטש — און אין דער זעלבער צײַט טײַנען די קריסטלעכע גאַלאָכים, אַז גאָט איז א קערפּערלאָזער, „ריינער" גײַסט.

## וואָס פאַר א כאַראַקטער האָט גאָט

די גלייביקע באַהויפּטן, אַז גאָט איז א וועזן, וואָס איז מיט אַלץ צופרידן, וואָס איז פול מיט לײַטזעליקײַט און גנאָד. טועך מיר אָבער א קוק אין דער ביבל, זעען מיר, אַז גאָט איז פייִק צו בייזערן זיך, שילטן, כאַראָטע האָבן, נעקאָמע נעמען, באַשטראָפן. קומט אויס, אַז ניט נאָר לויט זײַנע פיזישע, נאָר אויך לויט זײַנע גײַסטיקע אייגנשאַפטן איז גאָט ענלעך צו א מענטשן, דערצו נאָך צו א מענטשן א קאַפּריזן און א בייזן.

די קלייקווידעש פאַרזיכערן, אַז גאָט — דאָס איז ליבע. זיי ריידן א סאַך וועגן זײַן לײַטזעליקײַט, יוישערדיקײַט אאַוו. וואָס זשע איז די מײַסע, וואָס סײַ די קריסטלעכע, סײַ די ייִדישע, סײַ די מוסולמענישע, סײַ אַנדערע רעליגיעס זאָגן צו געבראָטענע ליידן פאַר די זינד, וואָס א מענטש איז באַגאַנגען בײַם זײַן קורץ ערדיש לעבן? פון דער אַנדערער זײַט, דערציילן אונדז גאָטס מײַסים, וואָס זײַנען באַשריבן אין דער ביבל, ניט וועגן דעם „אייבערשטנס" לײַטזעליקײַט און גנאָד, נאָר וועגן זײַן בייזקײַט און שלעכטס.

פון די ביבלישע מײַסעס איז צו זען, אַז גאָט האָט געפּאָדערט פולע געהאָרכזאַמקײַט. פאַר געהאָרכזאַמקײַט האָט ער צוגעזאָגט פאַרשיידענע מאַטעריעלע נוצן: „בעשעפע קינד און רינד און ברויט". פאַר אומגעהאָרכזאַמקײַט ווידער פלעגט ער האַרב באַשטראָפן, פונקט ווי די סאַמע בלוטיקע טיראַנען.

אַזוי דערציילט די ביבל, אַז איינמאָל האָט גאָט פאַר די זינד פון איין מענטשן אויסגעראָטן פיר און צוואַנציק טויזנט מאַן („באַמידבאָר", קאַפּיטל XXV, פּאָסעק 9). און ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מוישעס קריגספירער זײַנען געווען ווייכהאַרציקער פון זייער גאָט און האָבן דערהאַרגעט ניט אַלע פרויען און קינדער אין איינעם א לאַנד, האָט גאָט דורך מוישען באַפוילן „האַרגענען אַלע קינדער פון מענלעכן מין און אַלע פרויען, וואָס האָבן דערקענט א מאַנצבל". די ביבל מאָלט דעם שעפער פון דער וועלט און פונעם מענטשן ווי אַן אויסערסט אַכזאָריעסדיק וועזן.

דער דאָזיקער הימלשער טיראַן האָט ליב צו באַשטראָפן די קינדער פאַר דער שולד פון די עלטערן. ער אַליין כאַראַקטעריזירט זיך אַזוי: „איך בין דער גאָט פון נעקאָמע, און פאַר די זינד פון די פאָטערס באַשטראָף איך די קינדער ביזן דריטן און פערטן דאָר" („שמויס", קאַפּיטל XX, פּאָסעק 5). קומט אויס, אַז גאָט איז אַכזאָריעסדיקער פון ניט־יוישערדיקע ריכטער.

אין א סאַך ערטער פון דער „הייליקער" טוירע ווערט דערציילט וועגן אַזוינע מײַסים פון גאָט, וועלכע זײַנען ניט נאָר אומגעלומפּערט, נאָר פּאָשעט עקלהאַפט.

אזוי לייענען מיר אין קאַפּיטל XXII פון „באַמידבאַר”, פּאַסעק 22, אַז גאָט האָט געשיקט זײַנעם אַ מאַלעכ צו טייטן בילאַמען פּונקט אין דעם מאָמענט, ווען יענער איז געגאַנגען אויספּילן גאָטס שליכעס. און פון „שמויס” דערוויסן מיר זיך, אַז גאָט אַליין האָט אומיסטן בײַז געמאַכט דאָס האַרץ פון פּאַרען, קעדײַ אים צו באַשטראָפן, דה. גאָט האַנדלט ווי דער סאַמע געמיינער פּראָוואָקאַטאָר.

פאַרוואָס האָט זיך אַזוי פּײַנלעך געמאַטערט דער ביבלישער צאַדיק איִעוו? גאָט אַליין האָט אָנערקענט, אַז דער דאָזיקער מענטש לײַדט, כאָטש שולדיק איז ער אין קיין זאַך ניט („איִעוו”, קאַפּיטל II, פּאַסעק 3). פּאַשעט, גאָט האָט געהאַט אַ וויקועכ מיטן סאָטן און האָט אים געוואָלט באַווײַזן, אַז איִעוו וועט בלײַבן אַ צאַדיק אַפילע אין דער סאַמע שווערער לאַגע. און אָט איבער דער סיבע זײַנען פאַרניכטעט געוואָרן איִעווס קינדער, זײַנע קנעכט און זײַן פי און איִעוו אַליין איז באַדעקט געוואָרן מיט קרעץ.

## ווער איז שולדיק אין אָדאָמס און כאַוועס „ערשטער זינד”

אין דער ביבלישער דערציילונג וועגן אָדאָמס און כאַוועס „ערשטער זינד” איז בוילעט באַווײַזן די אַמאָראַלישקײַט פון גאָט.

באַשאַפן אָדאָם און כאַוועס, האָט גאָט, לויט דער דאָזיקער דערציילונג, זיי באַזעצט אין גאַניידן — אַ פּרעכטיקן גאָרטן, ווו עס זײַנען געוואַקסן אויסגעצייכנטע פּרוכט-ביימער. דאָרט האָט ער אויך פאַרפּלאַנצט דעם אייץ-האַדאַאַס (דער בוים פון דערקענען גוטס און שלעכטס) און האָט, אונטער אַ שטרענגער שטראָף, פאַרבאָטן אָדאָמען און כאַוועס צו פאַרזוכן די פּרוכט פון אָט דעם בוים. דערבײַ האָט ער זיי געגעבן פּאַר אַ שאָכן די שלאַנג, דה. דעם סאָטן, און האָט זיי אַפילע ניט געוואָרנט וועגן דעם שעדלעכן כאַראַקטער פון אָט דער באַשעפעניש.

צי האָט אָבער גאָט שוין ניט געקאָנט אויסקלײַבן קיין אַנדער אָרט, ווו אוועקצוזעצן זײַן „אייץ-האַדאַאַס”, אויב ער האָט ניט געוואָלט, אַז מענטשן זאָלן פאַרזוכן די פּרוכט פון אָט דעם בוים? און צו וואָס האָט ער זיי געשיקט די שלאַנג? וויבאַלד ער ווייסט אַלצדינג, האָט ער דאָך געמעגט וויסן, מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן.

די קלײַקוידעש זאָגן: גאָט האָט אוועקגעשטעלט די ערשטע מענטשן אין אַזוינע באַדינגונגען, קעדײַ „אויסצופּרוּוון” זיי, קעדײַ אַ קוק צו טאָן, וויאַזוי זיי וועלן האַנדלען — גוט צי שלעכט. דאָס איז אָבער אַלציינס ווי פּאָרשטעלן זיך אַ פּאָטער אַן אַכזער, וואָס פּרוּווט אויס זײַנע קינדער מיט פאַרשיידענע ניסיוינעס און דערבײַ ווייסט ער אַפריִער, אַז זיי וועלן ניט בײַשטיין. דעריבער האָט דער פראַנצויזישער אַטעיִסט ד. דידראָ (אין XVIII יה.) גאַנץ ריכטיק געזאָגט: „עס איז גאָר ניטאָ אַזאַ לײַטישער פּאָטער, וואָס זאָל וועלן ענלעך זײַן צו אונדזער „פּאָטער” אין הימל”...

טאַקע אַזוי, אויב גאָט ווייסט אַלץ אַפריִער, האָט ער דאָך ניט געקאָנט ניט פּאָרויסזען, ווי וועלן האַנדלען אָדאָם און כאַווע. ער האָט אויך געמעגט אַפריִ־

ער וויסנ, אז זיי וועלנ האנדלענ אזוי ניט לויט זייער אייגענער איניציאַטיוו,
נאָר עס וועט זיי צווינגענ דערצו די שלאנג. פארוואָס זשע האָט דער אלמעכ-
טיקער גאָט ניט געשטערט דער שלאנג צוצוקומענ צו די צוויי ניט-דערפאַ-
רענע, נאָרוואָס באשאפענע וועזנס? אָט דאָס הייסט ליבע צו מענטשנ?

אויב גאָט איז כאָכמע אליינ, פארוואָס האָט ער, וואָס האָט געשאפנ אָדאָ-
מענ אונ כאווענ, ניט געגעבנ זיי די פייִקײַט בײַצושטיינ קעגנ די ניסיוינעס,
מיט וועלכע עס פרווט זיי אויס דער סאָטנ? אונ צו וואָס האָט דער „גאָט פונ
ראכמאָנעס" געשאפנ אזא בייזע באשעפעניש ווי דער סאָטנ? אָנשטאָט אכטונג
צו געבנ אפ אָדאָמענ אונ כאווענ פארוואָס האָט ער בעסער ניט נאָכגעשפירט
נאָכנ סאָטנ?

ווענ די ערשטע מענטשנ זײַנענ שוינ ניט בײַגעשטאנענ דעמ ניסאָיענ אונ
האָבנ פארזוכט די פרוכט פונ דעמ אייצ-האדאאס, האָט גאָט, אויב מע זאָל אור-
טיילנ לויט דער ביבל, געהאנדלט ביז גאָר ניט יוישערדיק. פאר זייער זינד,
וואָס אינ טאָכ גענומענ איז זי א רעזולטאט פונ זײַנ קורצזיכטיקײַט, האָט ער
אָדאָמענ אונ כאווענ פארטריבנ פונ גאנײדנ אונ האָט זיי פארורטיילט צו שווערער
פײַנ. די ביבל דערציילט, אז פאר אָט דער אווײרע פונ אָדאָמענ אונ כא-
ווענ האָט ער באשטראָפט ניט נאָר די דאָזיקע צוויי מענטשנ, נאָר אויכ זייערע
קינדער אונ קינדס-קינדער, מיט איינ וואָרט — די גאנצע מענטשהײַט. קומט אויס,
אז אלע אָנצאָליקע דוירעס מענטשנ זײַנענ פארורטיילט צו לײַדנ אונ זײַנענ גע-
וואָרנ שטערבלעכ פאר אנ אווײרע, אינ וועלכער זיי האָבנ קיינ אָנטייל ניט גע-
נומענ. ווי זשע קאָנ מענ נאָכדעמ ריידנ וועגנ גאָטס לײַטזעליקײַט אונ יוישער-
דיקײַט?

אָט די גאנצע לערע וועגנ דער „ערשטער זינד" איז שעדלעכ פאר די אר-
בעטנדיקע. די קלייקוידעש פונ אלע גלויבנס אונ די עקספלואטאטאָרנ נוצנ זי
אויס, קעדיי ריינצוואשנ די בורזשואזע אָרדענונג, קעדיי צו דערווײַזנ, אז ניט
דער קאפיטאליזמ איז שולדיק אינ די מאטערנישנ פונ די ארבעטנדיקע, נאָר אז
די דאָזיקע אלע צאָרעס זײַנענ א שטראָפ פונ גאָט פאר דער „ערשטער זינד".

די גאלאָכימ אונ ראבאָנימ פרוווּנ דערווײַזנ, אז דאָס, וואָס די מענטשנ ווערנ
באשטראָפט פאר א פארברעכנ, אינ וועלכנ זיי זײַנענ ניט שולדיק, איז א יוי-
שערדיקע זאכ. זיי טײַנענ, אז מענטשנ מוזנ לײַדנ פאר דער „ערשטער זינד",
ווײַל פונ א מוטנעמ קוואל קאָנ פליסנ בלויז מוטנע וואסער.

דאָס איז אָבער אנ אומזיניקע בארעכטיקונג, וואָס ווידערשפרעכט זייער איי-
גענער לערע וועגנ גאָט. קומט אויס, אז דער „מוטנער קוואל" דאָס זײַנענ יענע
צוויי ערשטע מענטשנ, וואָס גאָט אליינ האָט זיי געשאפנ. ניט ווילנדיק קומט
אופ די פראגע: וויִאזוי האָט זיכ עס דער אלמעכטיקער גאָט ארויסגעשטעלט פאר
אזא שלעכטנ שעפער, אז אָדאָמ אונ כאווע, וועלכע ער האָט געשאפנ, האָבנ זיכ
ארויסגעוויזנ פאר אויסגעלאסענע, פארברעכערישע, שמוציקע באשעפענישנ? אונ
ווי זאָל מענ עס פארשטיינ, וואָס גאָט אליינ האָט, נאָכ דער ביבל נאָכ, גע-
האלטנ די מענטשנ פאר זײַנ בעסט ווערק אונ אָנגערופנ דעמ מענטש — „קרוינ
פונעמ באשאפ"?

קעדיי ווי-ניט-איז ארויסצוגיינ פונ דער ניט-אָנגענעמער לאגע, זאָגנ אייניקע
פארטיידיקער פונ רעליגיע, אז צוערשט איז דער מענטש געווענ א פולקומע בא-

שעפעניש, דערנאָך איז ער אָבער „געפאַלן". דאָס זײַנען אָבער פּוסטע מעשׂים, ווײַל וויִאַזוי קאָן געמאָלט זײַן, אַז עטוואָס פּולקומס זאָל מיטאַמאָל קאַליע ווערן, „פאַלן"?

## צי קאָן מען באַרעכטיקן גאָט

באַזונדערס בוילעט ווײַזט זיך אַרויס די אַמאָראַלישקייט פון דעם ביבלישן גאָט אין דער דערציילונג וועגן מבול, וועלכע איבעראַשט מאַמעש מיט איר אויסערגעוויינלעכער נאַיִוקייט און אומגעלומפּערטקייט.

אָט וואָס עס דערציילט די ביבל וועגן די סיבעס פונעם מבול: „און גאָט האָט דערזען, אַז עס איז גרויס די שלעכטס פונעם מענטשן אויף דער ערד און אַז אַלע געדאַנקען און מאַכשאָוועס פון זייער האַרצן זײַנען צו שלעכטס די גאַנצע צײַט, האָט גאָט כאַראָטע געהאַט, וואָס ער האָט באַשאַפן דעם מענטשן אויף דער ערד, און באַטריבט איז געוואָרן זײַן האַרץ. און גאָט האָט געזאָגט: איך וועל פאַרניכטן פון דער ערד די מענטשן, וועלכע איך האָב באַשאַפן, פונעם מענטשן ביז בעהיימעס, עגדעשן און פייגל אין הימל ווײַל איך פאַרניכטן, ווײַל איך האָב כאַראָטע געקריגן, וואָס איך האָב זיי געשאַפן" („ברייִשיס", קאַפּיטל VI, פּסוקים 5—7).

אַלזאָ, גאָט האָט סאַפּקאַלסאַפּ געוואָרפן אַן אומכייַן אויף זײַן בעסט ווערק — אויפן מענטשלעכן מין. צוקוקנדיק זיך צו די מעשׂים פון די מענטשן, איז ער גע־קומען צום אויספיר, אַז מענטשן זײַנען ניט קיין געראָטענע, אומגעהאָרכזאַמע, זינדיקע באַשעפענישן. קעדיי צו פאַריכטן דעם פעלער זײַנעם, האָט ער באַ־שלאָסן אויסראָטן די מענטשהייט און די גאַנצע באַלעכײַים־וועלט. הייסט עס, אַז פּונקט ווי אַ מענטש, איז אויך גאָט מעסוגל צו האָבן אַ טאָעס, אַראָפּפאַלן באַ זיך און אויסלאָזן צו יענעם דעם קאַס פאַר זײַנעם אַ פעלער.

אויב אַזוי, פאַרוואָס זשע לערנט די רעליגיע, אַז אין דער וועלט, וואָס גאָט האָט זי געשאַפן, איז אַלץ אײַנגעאָרדנט מיט גרויס כאָכמע און קלוגשאַפט? אין דער ביבל ווערט דאָך באַם באַשרײַבן די „טעג פון באַשאַף" יעדעס מאָל איבערגעכאַזערט: „און גאָט האָט דערזען, אַז עס האָט זיך באַקומען גוט".

פון דער אַנדערער זײַט, האַלטן די גלייביקע, אַז גאָט ווייסט אַלץ, אַזוי אַז ער האָט אַפריִער געקאָנט וויסן די רעזולטאַטן פון זײַנע אויפטועס. דערבײַ קאָן מען כאַראָטע האָבן נאָר אויף עפּעס אַן אומבאַטראַכטן אויפטו. ווי זשע קאָן אָבער גאָט האַנדלען אומבאַטראַכט, אַז ער איז, ווי די ראַבאָנים לערנען, אַ פּולקום וועזן?

גאָט זײַנען ניט געפעלן געוואָרן די מעשׂים און מאַכשאָוועס פון די מענטשן. אָבער די קלייקוידעש וועט זיך ניט אײַנגעבן אויסדרייען זיך פון די פראַגן: פאַרוואָס זשע האָט גאָט, וואָס האָט געהאַט די פולע מעגלעכקייט צו שאַפן די מענטשן אַזוי, אַז זיי זאָלן זײַן גוטע, פאַרוואָס זשע האָט ער זיי געמאַכט פאַר שלעכטע? אויב מענטשן האָבן געזינדיקט, האָבן זיי דאָך, וואָרשײַנלעך, געפאָלגט די שטרעבונגען, וועלכע עס האָט זיי געגעבן דער ריבוינעשעלוילעם. פאַרוואָס זשע האָט גאָט געשאַפן דעם מענטשן אַזוי, אַז ער זאָל זײַן פייִק צו זינדיקן? ווי קאָן מען ריידן וועגן גאָטס יוישער, אויב ער האָט אָנגעהויבן באַשטראָפן מענטשן, וועלכע ער אַלייִן האָט דאָך געשאַפן מיט פעלערן?

אויב מע זאָל מעשאַער זײַן, אַז מענטשן האָבן געזינדיקט אונטערן אײַנ־
פלוס פונעם סאַטן, וועלכן גאָט האָט געגעבן פרײַהײַט, צי קאָן עס דען באַ־
רעכטיקן גאָט? מיר כאַזערן איבער נאָכאַמאָל — גאָט האָט דאָך אפריִער געדאַרפט
וויסן, אַז אזוי דאַפקע וועט זײַן, און אָנעמען די נייטיקע מיטלען.

אזויאַרום, אויב גאָט איז דער שעפער פונעם מענטשן, איז ער פאַראַנט־
וואָרטלעך פאַר אַלע זײַנע מײַסים און געדאַנקען. דעריבער האָט ער ניט געדאַרפט
זיך בייזערן אַפ מענטשן און פאַרניכטן זיי.

אין דער ביבלישער דערציילונג וועגן דעם מאַבל ווערט באַשריבן, אַז צו־
זאַמען מיט די מענטשן האָט גאָט אומגעבראַכט אויך די באַלעכײַים! אָבער וואָס
האָט גאָט געהאַט צו די באַלעכײַים, וואָס האָבן דאָך קיין שום שולד אוואַדע ניט
געקאָנט האָבן? עס איז אויך אַ כידעש, פאַרוואָס האָט עס גאָט באַשלאָסן אום־
ברענגען די באַלעכײַים אַפ דער יאַבאָשע און די באַלעכײַים אין יאַם האָט ער
ניט געשעפעט. די פיש און אַנדערע באַשעפעניש, וואָס לעבן אין וואַסער, האָבן
בײַסן לעגענדאַרן מאַבל באַקומען ניט קיין שטראָף, נאָר פאַרגעניגן אַליין!

צי איז דען ניט קאָמיש, וואָס גלייביקע באַציִען זיך ערנסט צו די דאָזיקע
נאַיִווע ביבלישע דערציילונגען? עס איז בלויז אַ כידעש, וואָס אַפילע דערוואַק־
סענע מענטשן באַמערקן ניט, אַז דאָס זײַנען אַלץ אַלטע מײַסעס, לעגענדעס
און אַז אין זיי איז פאַראַן אָן אַ שיר נאַרישקײַטן.

## ווער זשע איז ער, פונדעסטוועגן, דער ביבלישער גאָט

פון די ביבלישע דערציילונגען וועגן דער „ערשטער זינד“ פון די מענטשן,
וועגן דעם מאַבל אאַוו. איז צו זען, אַז די ביבל גיט ניט קיין גרונט צו ריידן
וועגן דעם, אַז גאָט ווייסט אַלץ. נאָך מער: אין „ברײשיס“ האָבן מיר אַ דירעקטע
אָנווײַזונג אַפ דער באַגרענעצטקײַט פון גאָטס וויסן.

אזוי לייענען מיר: „און גאָט האָט געזאָגט: גרויס איז דער וויי־געשריי אַפ
סדוים און אַמוירע, און שווער זײַנען די זינד זייערע. אָט וועל איך אַראָפּגיין
און אַ קוק טאָן, צי טוען זיי טאַקע אזוי ווי דער וויי־געשריי, וואָס דערגרייכט
צו מיר, אָדער ניין“ („ברײשיס“, קאַפּיטל XVIII, פּאָסעק 20—21). אויב גאָט
נייטיקט זיך אין אַן אויספאָרשונג, קעדיי צו דערוויסן זיך וועגן דער ווירקלע־
כער לאַגע אין די זינדיקע שטעט, איז ווי זשע קאָן מען ריידן וועגן דעם, אַז
ער ווייסט אַלץ?

דער ייִדישער גאָט און דער קריסטלעכער איז ענלעך אַפ די געטער פון
אַנדערע רעליגיעס. די געטער פון אַלע אַזויגערופענע „געצנדינערישע“ פעלקער
(אוראַלטע גריכן, רוימער, גערמאַנער און אַנדערע) זײַנען פונקט ווי דער ביב־
לישער גאָט אַכזאַריעסדיק, בייז, פײַיִק צו אָפּנאַרערײַ. אַפ דעם מענטשנס לעבנס־
וועג שטעלן זיי אוועק ניסיוינעס, וועלכע ער קאָן ניט בײַשטיין, און ברענגען
אים אזויאַרום אום.

עס זײַנען ניטאָ קיין גוטע געטער, און עס זײַנען ניטאָ קיין שלעכטע גע־
טער, ווײַל קיין שום געטער זײַנען ביכלאַל ניטאָ. דער ענגלישער געלערנטער
וווקליפאָרד איז געוועזן אַבסאָליוט גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט: „ווען מענטשן
וואָלטן געוועזן ניט בעסער פון זייערע רעליגיעס, וואָלט די וועלט געוועזן אַ גענעם“.

# IV. פאַרוואָס עקזיסטירט שלעכטס

## די אידיי פון אבסאָליוטן גאָט איז אומזיניק

דער אבסאָליוטער גאָט, וואָס האָט ניט קיין שום מענטשלעכע אייגנשאפטן, איז פונקט אזא אבסורד, ווי דער גאָט, וואָס איז ענלעך צום מענטשן. עס איז ניט שווער זיך צו איבערצייגן, אז אלע אייגנשאפטן, וואָס די קלייקוידעש געפינען באם אבסאָליוטן גאָט, ווידערשפּרעכן שארף איינע דער אנדערער: גלייבט מען אין איין אייגנשאפט, קאָן מען שוין בעשומויפן ניט גלייבן אין דער אנדערער!

טאקע אזוי, דער אבסאָליוטער גאָט ווערט דערקלערט פאר א וועזן, וואָס איז אלמעכטיק, לייטזעליק, קלוגשאפטלעך אדג. אָבער ווי קאָן די אומענדלעכע גערעכטיקייט פאָדערן באשטראָפן פאר זינד, וויבאלד די אומענדלעכע לייט-זעליקייט פאָדערט, אז עס זאָל פארגעבן ווערן יעדע זינד? ווי קאָן די אומענד-לעכע כאָכמע וויסן אלץ, וואָס עס וועט פּאַרקומען אין דער צוקונפט, וויבאלד גאָטס אומענדלעכע פריַיהייט קאָן טאָן אָדער ניט טאָן, וואָס איר געפעלט.

אויב גאָט ווייסט אלץ, האָט ער נאָך פאר דעם, ווי ער האָט באשאפן די מענטשן, געוווּסט, וויפל צאָרעס און ליידן עס וועט האָבן אויסצושטיין די מענטש-הייַט. אויב אָבער גאָט האָט עס ניט געוווּסט, איז ער, נאטירלעך, ניט קיין אלצ-וויסנדיק און אלצ פארשטייענדיק וועזן.

אָבער עפּשער האָט גאָט געוווּסט די צוקונפט און דאָך געשאפן די מענטשן אלס „זינדיקע", דה. ניטפולקומע? אויב אזוי, איז גאָט ניט קיין „גאָט פון ראכ-מאָנעס", ווייל ווי קאָן עקזיסטירן שלעכטס איינייגעם מיט גאָטס אומענדלעכער גוטסקייַט? פון דער אנדערער זייַט, אויב גאָט האָט געשאפן מענטשן אזוי, אז זיי זייַנען ניט פולקום, איז ווי פּאַרט זיך עס מיט דער פולקומקייַט פון גאָט דעם שעפער, וואָס לויט זייַן מוסטער און געשטאלט זייַנען דאָס באשאפן געוואָרן מענטשן?

דער „גאָט פון ראכמאָנעס" וואָלט ניט געקאָנט באשאפן קיין שלעכטס, קיין „זינד". דעריבער מוז מען זיך אָפּשטעלן אף איינס פון די צוויי: גאָט האָט אָדער ניט געוואָלט, אָדער ניט געקאָנט שטערן, אז דער מענטש זאָל באגיין זייַן „ערשטע זינד".

וואָס הייסט עס — גאָט האָט ניט געוואָלט שטערן דער „ערשטער זינד" פון די ערשטע מענטשן? דאָס הייסט, אז ער האָט געוואָלט, די מענטשן זאָלן באגיין די זינד, אויב אזוי, איז ער א שותעף אין דער זינד, אויב אזוי, איז גאָט ניט הייליק, מע קאָן אים ניט האלטן פאר א פולקומען.

אָבער עפּשער האָט גאָט ניט געקאָנט שטערן דער „ערשטער זינד"? אויב אזוי, איז ער ניט אלמעכטיק און מע קאָן ניט האלטן, אז ער איז דער שעפער און דער הערשער פון אלדעם עקזיסטירנדיקן.

אזויארום זעען מיר, אז די אייגנשאפטן, מיט וועלכע די גלייביקע באשענ-קען גאָט, ווידערשפּרעכן איינע דער אנדערער, דאָס הייסט, איינע פון זיי שליסט אויס די אנדערע. דאָס אלץ באוויַיזט, פארשטייט זיך, ווי אומזיניק און אומגע-לומפּערט עס איז יעטווידע פאָרשטעלונג וועגן גאָט.

# ווער האָט געבראַכט אלדאָס שלעכטס אפ דער וועלט

אויב עס וואָלט אינדערעמעסנ עקזיסטירט גאָט דער „טאטע אינ הימל", וואָס נעמט אזא לעבעדיקנ אָנטייל אינ די מענטשלעכע איניאָנים אונ זאָרגט אזוי שטארק וועגנ זיי, צי וואָלט ער דערלאָזנ, אז דאָס בייז זאָל הערשנ איבער דער וועלט? אונ דערווײַל שמאכטנ שוינ מענטשנ יאָרטויזנטער אונטערנ יאָכ פונ עקספלואטאציע, לײַדנ נויט, אומגליק, צאָרעס, אונ דערווײַל איז די וועלט פול מיט מענטשלעכנ פײַנ אונ ווייטעק.

אפנ אָרט פונ דער שקלאפנ-אייגנטימערישער געזעלשאפט איז געקומענ די פעאָדאלע אָרדענונג, אפנ אָרט פונ דער פעאָדאלער איז געקומענ די קאפיטאליסטישע, אָבער אָט די ענדערונג פונ די „אָרדענונגענ" האָט ניט געבראַכט דערצו, אז די מענטשהײַט זאָל ווערנ גליקלעכער, ווײַל אלע האָבנ זיי געטראָגנ אנ עקספלואטאטאָרישנ כאראקטער. אונטערשטרײַכנדיק אָט דעם אומשטאנד, האָט כאווער סטאלינ אינ זײַנ רעדע אפנ II אלפארבאנדישנ ראטנ-צוזאמענפאָר דעם 26 יאנוואר 1924 יאָר געזאָגט:

> „פײַנלעכ אונ באלעסטיקנדיק זײַנענ די לײדנ פונ די ארבעטנדיקע. שקלאפנ אונ שקלאפנבאזיצער, לײַבאייגנע אונ לײַבאייגנטימער, פויערים אונ פריצים, ארבעטער אונ קאפיטאליסטנ, אונטערדריקטע אונ אונטערדריקער — אזוי איז געווענ געבויט די וועלט פונ דויר-דוירעס, אזא פארבלײַבט זי אויכ איצט אינ דער קאָלאָסאלער מערהײַט לענדער. צענדליקער אונ הונדערטער מאָל האָבנ די ארבעטנדיקע געפרוווט אינ פארלויפ פונ יאָרהונדערטער ארונטערצווארפנ פונ די אקסלענ די אונטערדריקער אונ ווערנ די באלעבאטים פונ זייער לאגע. נאָר יעדעס מאָל, צעקלאפטע אונ געשענדעטע, זײַנענ זיי געצוווּנגענ געווענ אָפּצוטרעטנ, פארבאָרגנדיק אינ הארצנ פארדראָס אונ דערנידעריקונג, פארביסנקײַט אונ פארצווייפלונג אונ ווענדנדיק די בליקנ צום אומבאוווּסטנ הימל, ווו זיי האָבנ געהאָפט צו געפינענ אנ אויסלייזונג. די קייטנ פונ שקלאפערײַ פלעגנ בלײַבנ ניט גערירט, אָדער די אלטע קייטנ פלעגנ פארביטנ ווערנ אפ נײַע, פונקט אזעלכע שווערע אונ דערנידעריקנדיקע".

בלויז בא אונדז אינ פססר האָבנ די ארבעטנדיקע אונטער דער אָנפירונג פונ דער פארטיי פונ לענינ — סטאלינ געשאפנ א נײַע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג אָנ קאפיטאליסטנ, אָנ פריצים, אָנ באלעגופים. בלויז אינ פססר איז געשאפנ געוואָרנ אזא געזעלשאפטלעכע אָרדענונג, וואָס האָט פאר אלע מענטשנ געעפנט דעם וועג צו גליק. קעגנ דער סאָוועטישער אָרדענונג האָבנ זיכ אופגעהויבנ אלע קרעפטנ פונ דער אלטער וועלט, אונ פונ די ערשטע טעג אָנ פ״נ דער רעוואָליוציע, פונ 1917 יאָר אָנ ביז הײַנטיקנ טאָג, הערנ זיי ניט אופ צו שטערנ אונדז אינ אונדזער שאפונגס-ארבעט.

הינטער די גרענעצנ פונעם ראטנפארבאנד איז די מענטשהײַט צעטיילט אפ פײַנטלעכע אײנער דעם אנדערנ קלאסנ — אפ עקספלואטאטאָרנ אונ עקספלואטירטע. א קליינ הײַפל עקספלואטאטאָרנ, ליידיקגייער אונ פוסטעפאסניקעס — פאבריקאנטנ, זאוואָדטשיקעס, באנקירנ, פריצים — צווינגט די ארבעטנדיקע מאסנ צו שמאכטנ פונ אומדערטרעגלעכ שווערער ארבעט, אויסוועגלאָזנ דאלעס אונ שוידערלעכער אמעראצעס. אָט די עקספלואטאטאָרנ זײַנענ עס שולדיק אינ די בלוטיקע מילכאָמעס,

בייס וועלכע עס קומען אום מיליאָנען. די פּאָלקסמאַסן לעבן דאָרט, אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אין אייביקער שרעק פאַר ארבעטלאָזיקייט, רוינירונג, הונגער, מילכאָמע און אַנדערע צאָרעס.

צי וואָלט דער גאַנצער יאַם שלעכטס, צאָרעס און טרערן עקזיסטירט, ווען עס וואָלט געווען אַ קלוגער רעגירער פון דער וועלט? מע מוז אָנערקענען, אַז די עקזיסטענץ פון דער עקספּלואַטאַטאָרישער אָרדענונג — דאָס איז אַן איבערצײַגעוודיקער ארגומענט קעגן דעם גלייבן אין דער עקזיסטענץ פון גאָט. אויב מע זאָל מאַסקים זײַן, אַז גאָט עקזיסטירט, האָט געזאָגט דער ענגלישער עקאָנאָמיסט ג. דזשאָרזש, וועט מען אים מוזן צוגלײַכן צו אַ נאַר, וועלכער האָט געוואָלט צוגרייטן קיבעד פאַר געסט און האָט עס אַזוי שלעכט געטאָן, אַז נײַן צענטל פון די געסט האָבן געמוזט אַוועקגיין הונגעריקע.

שוין איינציקע פון די גרויסע דענקער פון דער אוראַלטער וועלט האָבן אָנגעוויזן אַף דעם, אַז ווייבאַלד עס עקזיסטירט שלעכטס, איז עס אַ באַווײַז, אַז עס עקזיסטירט ניט גאָט. דער אַלטגריכישער פילאָסאָף עפּיקור, אשטייגער, האָט געזאָגט: „מיר מוזן אָנערקענען, אַז אָדער גאָט וויל אויסקאָרטשעווען דאָס שלעכטס אין דער וועלט און קאָן עס ניט, אָדער ער קאָן און וויל עס ניט טאָן, אָדער, ענדלעך, אי ער קאָן, אי ער וויל. אויב ער וויל און קאָן ניט, איז ער ניט אַלמעכטיק, איז דאָס אָנמעכטיקײַט, וואָס דאָס איז קעגן דער נאַטור פון גאָט. אויב ער קאָן און וויל ניט, איז עס אַ באַווײַז פון בייזן ווילן, וואָס דאָס איז ניט ווייניקער קעגן דער נאַטור פון גאָט. אויב ער קאָן און וויל, וואָס דאָס איז די איינציקע האַנאָכע, וואָס קאָן אָנגעווענדט ווערן צו גאָט, פאַרוואָס זשע עקזיסטירט, אויב אַזוי, שלעכטס אַף דער וועלט?"

די קלייקוידעש און פאַרטיידיקער פון רעליגיע קאָנען זיך ניט אויסדרייען פון געבן אַן ענטפער אַף דער פראַגע: ווער זשע האָט טאַקע געבראַכט אַלדאָס שלעכטס אַף דער וועלט? יעדער פאַרנינפטיקער מענטש וועט מיט פאַראַכטונג אָפּוואַרפן אַלע ראַבאָנישע באָבעמײַסעס, וואָס זיי טראַכטן אויס, קעדיי צו באַרעכטיקן די עקזיסטענץ פון שלעכטס אַף דער וועלט. אין איינער פון זײַנע לידער רופט טאַקע אויס דער גרויסער דײַטשישער פּאָעט הײַנריך היינע, ווענדנדיק זיך צום פאַרטיידיקער פון רעליגיע:

> וואַרף די הייליקע טערוצים
> און די פרומע אַלעגאָריעס
> און אַף די פאַרפּלוכטע פראַגן
> גיב אַן ענטפער אונדז אַ קלאָרן.
>
> פאַרוואָס שלעפּט זיך שווער, פאַרבלוטיקט
> אונטער קרייץ-לאַסט דער גערעכטער,
> בייס אַף רײַט-פערד, ווי אַ זיגער,
> הויך און גליקלעך יאָגט דער שלעכטער?
>
> ווער איז שולדיק? איז דען טאַקע
> אונדזער בוירע ניט אַלמעכטיק?
> צי ער טרײַבט אַליין קאַטאָוועס?
> אַך, דאָס איז עס נידערטרעכטיק.

# צי גייט אלץ אויסגעצייכנט אפ דער וועלט

די רעליגיע לערנט, אז גאָט איז א פולקום וועזן און אז אלץ אין דער וועלט האָט ער איינגעאָרדנט קלוג, הארמאָניש, צוועקמעסיק.

צי איז אָבער די וועלט אינדערעמעסן איינגעאָרדנט אזוי אויסגעצייכנט? בעשומויפן ניט!

צוקוקנדיק זיך אופמערקזאם צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אין דער לעבעדיקער נאטור, האָט דער גרויסער ענגלישער נאטורפאָרשער טש. דארווין באוויזן, אז דאָרט שטעלט זיך אפ קיין איין רעגע ניט אָפ דער אָנראכמאָנעסדיקער קאמף פאר עקזיסטענץ. „פיל פארבעטענע, אָבער ווייניק אויסדערווײלטע" — אָט דאָס איז דער הארבער געזעץ פון דער נאטור. שווער קומט אָן יעדן באלעכײַ און געוויקס צו דערציִען ביזן פעריִאָד פון רײַפקײַט און איבערלאָזן נאָך זיך א דאָר: אפ טריט און שריט לויערן אפ זיי טויזנטער געפארן און צאָרעס.

צו וואָס ברענגט עס אלץ?

דאָס ברענגט דערצו, אז אָנשטאָט איין לעבן-געבליבענעם אָרגאניזם קומען אום הונדערטער און טויזנטער אזוינע, וואָס האָבן ניט געפונען פאר זיך קיין אָרט אונטער דער זון. הייסט עס, אז דאָס לעבן בלײַבן פון באזונדערע אָרגאניזמען (געוויקסן און באלעכײַים) ווערט געקויפט פארן פרײַז פונעם אומקום פון דער איבערוועגנדיקער מערהײַט פרעטענדענטן אפ לעבן. צי קאָן מען אָבער צונויפפאָרן אָט דעם אומבאשטרײַטבארן פאקט מיט דער פאָרשטעלונג פון די קלייקוידעש וועגן דעם, אז גאָט איז כאָכמע און לײַטזעליקײַט אליין?

די פארטיידיקער פון רעליגיע זאָגן, אז גאָט אנטפלעקט זיך דערין, וואָס אין דער לעבעדיקער נאטור איז אלץ קלוימערשט אבסאָליוט פולקום און צוועקמעסיק. אָבער דארווין האָט באוויזן, אז די צוועקמעסיקע סטרוקטור פון די אָרגאניזמען האָט ניט אין זיך קיין „געטלעכע" מאָמענטן. די נאטור אליין פארניכטעט די ווייניקער פולקומע באשעפענישן, די באשעפענישן, וואָס זײַנען ווייניקער צוגעפאסט צו די לעבנס-באדינגונגען. אלץ, וואָס איז ניט צוגעפאסט צו זיי, קומט אום אין הארבן קאמף פארן לעבן. קומט אויס, אז פאר אלדאָס צוועקמעסיקע איז באצאָלט א טײַערע פרײַז.

ניט געקוקט דערופ, זײַנען אין דער נאטור דאָך פאראן א סאך „כעסרוינעס", א סאך ניט צוועקמעסיקע זאכן. לאָמיר נעמען, צום בײַשפיל, דעם געציינדלטן שטעכער פון דער בין, וועלכער איז בא איר א געצײַג פאר זעלבשוץ. צי איז דאָס ניט קיין אָרגאן, וואָס טראָגט א גאנץ פארטערישן כאראקטער בענעגייע זײַן באלעבאָס? אָט האָט די בין עמעצן א שטאָך געטאָן. וויל זי אָבער ארויסנעמען צוריק דעם שטעכער, געפינט זי זיך אלעמאָל אין טויט-געפאר.

א סאך אָרגאנען פון די לעבעדיקע באשעפענישן זײַנען ווײַט-ווײַט ניט פולקום. אין דער וועלט גייט גאָר ניט אלץ צו אזוי אויסגעצייכנט. יעדנפאלס, אויב גאָט וואָלט עקזיסטירט, וואָלט ער דען דערלאָזן, אז אין דער לעבעדיקער נאטור זאָל הערשן אזא פארביטערטער קאמף פאר עקזיסטענץ?

אומעטום אין דער וועלט פון די לעבעדיקע באשעפענישן זעען מיר א קעסיידערדיקן קאמף פארן לעבן, זעען מיר לייד און פײַן. און דער דאָזיקער פאקט געפינט זיך אין א שארפער סטירע צו דער אידיי פון „גאָט פון ראכמאָנעס".

דארווינ האָט אָנגעוויזנ אפ אָט דעם פאקט, וואָס לייקנט אָפ די אידיי פונ גאָט. ער האָט געשריבנ: „איכ קאָנ ניט איבערצײַגנ זיכ אליינ דערינ, אז דער אלערגנעדיקסטער אונ אלמעכטיקער גאָט זאָל בעקיוונ נעמענ אונ שאפנ פאראזיטנ מיטנ מיינ, אז זיי זאָלנ לעבנ אינווייניק אינעמ קערפער פונ לעבעדיקע אָרגאניז-מענ. איכ קאָנ ניט דערלאָזנ דעמ געדאנק, אז גאָט האָט פאָרויס באשטימט, אז די קאצ זאָל זיכ שפילנ מיט די מײַז, איידער זי הארגעט זיי אוועק".

ווײַט ניט אלצ גייט צו אויסגעצייכנט אויכ אינ דער מענטשלעכער געזעל-שאפט, דעריבער איז די פראגע וועגנ דער סיבע פונ ליידנ, שלעכטס, אומרעכט אאוו. אזוי פײַנלעכ פאר יענע גלייביקע, וואָס זײַנענ מעסוגל מער אָדער ווייניקער קאָנסעקווענט צו דענקענ. אזוי, צומ בײַשפיל, האָט דער רעליגיעז געשטימטער שרײַבער דאָסטאָיעווסקי, וואָס האָט זיכ אינגאנצנ פארפלאָנטערט אינ דער פראגע וועגנ זײַנ רעליגיעזער וועלט-אָנשויונג, געזאָגט: „גאָט בינ איכ גרייט צו אָנער-קענענ, אָבער די וועלט אָנערקענ איכ ניט". מיט אָט די ווערטער האָט דאָס-טאָיעווסקי געמיינט צו זאָגנ, אז דערלאָזנדיק דעמ געדאנק וועגנ דער עקזיסטענצ פונ גאָט, מוז ער אָבער גלײַכצײַטיק אָנערקענענ, אז גאָטס וועלט זעט אויס גאנצ פאסקודנע. אינ גאָטס וועלט איז פאראנ צופיל אומפולקומס, אזוי אז דאָס שטיקל ארבעט האָט אָפט ניט די ווערט צו האָבנ אזא געהויבענעמ מײַסטער.

## אויב גאָט עקזיסטירט, איז אלדאָס שלעכטס פונ אימ

פאר די גלייביקע איז גאָט דער אורקוואל פונ אלצ, דעריבער זאָגנ די גליי-ביקע, אז „אָנ גאָטס ווילנ וועט אפילע א האָר פונ קאָפ ניט אראָפפאלנ"...

די יידישע רעליגיע לערנט, אז יעדנ יאָר, אינ א באשטימטנ טאָג, טראָגט גאָט ארויס א באשלוס: „וויפל עס וועלנ אוועק פונ דער וועלט אונ וויפל עס וועלנ געבוירנ ווערנ; ווער עס וועט לעבנ אונ ווער עס וועט שטארבנ; ווער עס וועט אויסלעבנ זײַנע יאָרנ אונ ווער עס וועט ניט אויסלעבנ; ווער עס וועט שטארבנ אינ וואסער אונ ווער אינ פײַער; ווער פונ א שווערד אונ ווער פונ א כײַע; ווער פונ הונגער אונ ווער פונ דאָרשט; ווער פונ שטורעמ אונ ווער פונ א מאגייפע; ווער עס וועט דערוואָרגנ ווערנ אונ ווער עס וועט פארוואָרפנ ווערנ מיט שטיינער; ווער עס וועט זיצנ רויִק אפ איינ אָרט אונ ווער עס וועט ארומ-וואָגלענ; ווער עס וועט לעבנ אינ שאָלעמ אונ ווער עס וועט פארשטויסנ ווערנ; ווער עס וועט זײַנ געזונט אונ ווער עס וועט לײַדנ יעסורימ; ווער עס וועט פאראָרעמט ווערנ אונ ווער עס וועט בארײַכערט ווערנ; ווער עס וועט דערנידע-ריקט ווערנ אונ ווער עס וועט דערהויבנ ווערנ".

נאָר אויב דאָס איז אזוי, אויב אלצ איז פונ גאָט, איז וואָס דער מענטש זאָל ניט טאָנ, — איז דערופ גאָטס ראָצנ, אונ דער מענטש איז ניט פאראנטוואָרט-לעכ אפילע דעמלט, ווענ ער דערהארגעט, בארויבעוועט אאוו. קומט אויס, אז אויכ אלדאָס שלעכטס איז פונ גאָט, דה. גאָט איז שלעכטס, ער איז די אורסיבע פונ אלע אומגליקנ, אומרעכט, פארברעכנס אאוו.

סטארענדיק זיכ ווי-ניט-איז אויסדרייענ פונ דעמ דאָזיקנ אויספיר, טײַנעמ די טעאָלאָגנ, אז דאָס שלעכטס איז ניט פונ גאָט, אָבער אז אלדאָס שלעכטס ווערט געטאָנ מיט גאָטס וויסנ אונ האסקאָמע. אָבער אויב גאָט קוקט רויִק צו, ווענ

א רויצייעך הארגעט אנ אומשולדיק קינד, איז ער דענ ניט קיינ שוטעפ אינ דעמ דאָזיקנ פארברעכנ? דער אלמעכטיקער גאָט איז דאָך בעקויעך ניט צו דערלאָזנ דעמ מאָרד, אונ אויב ער טוט עס ניט, איז ער דעמ מענטשנס א סוינע.

קעדיי אויסצופּלאָנטערנ זיך, פארזיכערנ די טעאָלאָגנ, אז גאָט דערלאָזט אל־דאָס שלעכטס, קעדיי צו דערווייסנ זיך, ווער עס איז א צאדיק אונ ווער — א ראָשע. אָבער אָט די „דערקלערונג" ראטעוועט ניט די אידיי פונ גאָט, ווייל זי רופט ארויס א פראגע: ניט שוינ זשע האָט גאָט וועגנ דעמ ניט געוווסט, וועג ער האָט באשאפנ די מענטשנ? אונ אויב גאָט האָט אפריער געוווסט, אז ער שאפט ראָצכימ אונ פארברעכער, איז ער די סיבע פונ זייערע פארברעכנס.

אלזאָ, מוזנ מיר אָנערקענענ, אז אויב גאָט באשטימט אלצ, וואָס עס קומט פאָר צווישנ מענטשנ, איז אליינ גאָט פאראנטוואָרטלעך פאר דעמ מענטשנס שלעכ־טע מייסימ.

אויב עס וואָלט עקזיסטירט א געגעמ אונ די רעשאָימ וואָלט מענ דאָרט גע־פייניקט מיט פארשיידענע פייניקונגענ, וואָלטנ זיי געדארפט ארויסטרעטנ מיט א שארפנ פּראָטעסט קעגנ גאָטס „פּאָראָנדקעס", זיי וואָלטנ אימ געדארפט אָנרופנ טיראנ. זיי זיינענ דאָך ארייינגעפאלנ אינ געגעמ ניט איבער זייער שולד, נאָר איבער גאָטס שולד, ווייל ער האָט ניט געקאָנט שאפנ די וועלט אזוי, אז עס זאָל אינ איר ניט זיינ קיינ זינד. ריכטיק האָט געזאָגט דער געוועזענער אמעריקאנישער בישאָפּ בראונ: „אויב עס איז פאראנ א גאָט, וואָס רעגירט מיט דער וועלט, איז ער דער גרעסטער פארברעכער".

## די אבסורדישקייט פונ גלייבנ אינ סאָטנ

די רעליגיע וויל ניט אָנערקענענ, אז גאָט איז פאראנטוואָרטלעך פאר דעמ שלעכטס אינ דער וועלט, ווייל זי קענ זיך ניט אָפּזאָגנ פונ גלייבנ אינ גאָטס גנאָד אונ לייטזעליקייט. דעריבער מוזנ די ראבאָנימ דערלאָזנ, אז עס עקזיסטירט דער סאָטנ — „דער סוינע פונ דער מענטשהייט" — אלס קוואל פונ שלעכטס.

אינעמ יודאיִזמ, קריסטנטומ אונ אינ אייניקע אנדערע רעליגיעס איז דער סאָטנ אנ אלמעכטיקע בייזע באשעפעניש. לויט דער פאָרשטעלונג פונ די גלייביקע פירט דער סאָטנ א קאמפ קעגנ גאָט אליינ, טוט אָנ מענטשנ פארשיידענע צאָ־רעס, שטויסט זיי צו זינד אונ פארברעכנס. דער גלויבנ אינ סאָטנ איז א באַ־שטאנדטייל פונ יעטווידער רעליגיע.

די הייַנטצייַטיקע רעליגיעס האלטנ זיך אפ צוויי פיס: אפנ גלויבנ אינעמ לייטזעליקנ גאָט, וואָס ווענדט אלצ לעטויוועס דעמ מענטשנ, אונ אפנ גלויבנ אינ דעמ בייזנ טייוול, וואָס שטערט דער געטלעכער טעטיקייט. דעריבער האָט די רע־ליגיע מיט אנ אלציינער אכזאָריעס געשטראָפט אי פאר צווייפלענ אינ דער עק־זיסטענצ פונ גאָט אי פאר צווייפלענ אינ דער עקזיסטענצ פונ טייוול.

אָבער אויב דאָס גאנצע שלעכטס שטאמט פונ סאָטנ, פארוואָס זשע דערלאָזט גאָט, אז עס זאָל עקזיסטירנ אָט די נימעסע קראפט? אויב גאָט איז אלמעכטיק אונ לייטזעליק, פארוואָס דולדעט ער זיינ קעגנער אונ לאָזט אימ שטויסנ דעמ מענטשנ צו שלעכטס? אויב גאָט איז דער שעפער פונ אלצ, וואָס עס עקזיסטירט, טאָ צו וואָס זשע האָט ער געשאפנ דעמ סאָטנ? די רעליגיע לערנט דאָך, אז

אויך דעם סאַטן האָט געשאַפן גאָט, אויב אזוי, מוז מען דאָך ווידעראַמאָל אָנער־קענען, אז די סיבע פון אלדאָסבייז איז גאָט אליין...

קומט אויס אזויארום, אז גלייבנדיק אין דער עקזיסטענץ פון סאָטן, לייקע־נען די גלייביקע דערמיט גופע אָפּ גאָטס אלמעכטיקייט, ליטזעליקייט אאוו. נאָך מיט דריי הונדערט יאָר צוריק האָט דער גרויסער איטאַליענישער דענקער ט. קאמפאנעלא, וואָס איז 26 יאָר אָפּגעזעסן אין טורמע פאר זיינע אידייען, גע־שריבן: „פארוואָס עפּעס האָט עס גאָט איבערגעלאָזן דעם טייוול מער מאכט אי־בער זיינע אייגענע באשעפענישן ווי זיך אליין? איבער אָנמעכטיקייט? איבער אומוויסנהייט? אָדער איבער דעם, וואָס ער האָט ניט געוואָלט אונדז קומען צו הילף? הייסט עס, אז ער איז אָדער זקיניש-שוואך, אָדער שלאבעריק, אָדער ער איז אן אמאָרעץ, א פויליאק, וואָס באציט זיך צו אלץ אָפּגעלאָזן און אכזאָ־ריעסדיק".

אלזאָ, צו וואָס דערפירט סאָפקאָלסאָפ די רעליגיעזע דערקלערונג פון שלעכטס? זי פארוואנדלט אין דעם מאָקער פון שלעכטס אָדער גאָט אליין אָדער אן אנדער וועזן — דעם סאָטן, וואָס איז ניט וויניקער (אויב ניט מער) מעכטיק פון גאָט. אין ביידע פאלן באווייזט די דאָזיקע „דערקלערונג" די אומגעלומפּערטקייט פון דער רעליגיעזער וועלט-אָנשויונג.

מיט איין וואָרט, ווי מע זאָל זיך ניט דרייען, איז קלאָר איין זאך: עס איז אומעגלעך צו אָנערקענען דעם „פאָטער אין הימל", וויבאלד עס עקזיסטירט קנעכטשאפט, אכזאָריעס, קרענק, מעשוגאס און ביכלאל פארשיידענע צאָרעס און פיין.

אבסאָליוט ריכטיק האָט דער גרויסער פּראָלעטארישער שרייבער מאקסים גאָרקי אונטערגעשטראָכן, אז: „גאָט האָט מען אויסגעטראכט — און שלעכט אויסגעטראכט!". און שוין מיט קאָרעוו הונדערט יאָר צוריק האָט דער באריימטער פראנצויזישער שרייבער סטענדאל געזאָגט: „די איינציקע אנטשולדיקונג פאר גאָט קאָן זיין בלויז דאָס, וואָס ער עקזיסטירט ניט".

## וואָס איז דיווירקלעכע סיבע פון שלעכטס

אונטערן איינפלוס פון די דערפאָלגן פון וויסנשאפט און טעכניק קעמפן מיר אלץ בעסער, דערפאָלגרייכער קעגן קרענק, אומגערעטענישן און אנדערע נאטור־דערשיינונגען. דער מענטש ארבעט פאנאנדער די ערד-רייכטימער. ער דעראָבערט די לופט-סטיכיע, שאפנדיק א מעכטיקע אוויאציע. ער איז ביינעקומען די ווייט־קייט, האָבנדיק געשאפן ראדיאָ, טעלעגראף. ער מאכט איבער די געוויקסן- און באלעכיים-וועלט. שנעל באהערשט דער מענטש די נאטור, באזונדערס אין ראטן־פארבאנד, ווו איבער די מענטשן הענגט ניט דער יאָך פון עקספּלואטאציע און ווו די ארבעטנדיקע זיינען אליין באלעבאטים פונעם לאנד.

די גרונט-סיבע פון שלעכטס אפ דער וועלט באשטייט איצט ניט אין דעם, וואָס דער מענטש איז, ווי אין די אוראלטע צייטן, אונטערדריקט דורך די נאטור־קרעפטן. וואָס ווייטער, באהערשט איצט דער מענטש אלץ מער די נאטור. אלע צאָרעס און שלעק זיינען געוועזן און זיינען אויך איצט א רעזולטאט פון דער עקספּלואטאטאָרישער קלאסן-אָרדענונג, וואָס הערשט נאָך אפ פינף זעקסטל פון

דעם ערדקיילעך. דער גרונט־מאָקער פון שלעכטס איז ניט עפּעס קיין ניט עק־זיסטירנדיקער טייוול, נאָר דער קאַפּיטאַליזם מיט זיין פּריוואַט־אייגנטום אף פּראָ־דוציר־מיטלען און פּראָדוציר־געציי. מילכאָמע, האַריגע, גנייווע, אָפּנאַרעריי, פּראָס־טיטוציע, דערנידעריקונג פון דער פּערזענלעכקייט, דאַלעס אאַוו. — די אַלע אומ־גליקן זיינען דאָך אַ רעזולטאַט פון דער עקזיסטענץ פון דער קלאַסן־געזעלשאַפט, דה. פון דער עקזיסטענץ פון עקספּלואַטאַטאָרן און עקספּלואַטירטע.

ווער עס האַלט אונטער דעם קאַפּיטאַליזם, דער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע פאַרברעכנס. כאָטש די גלויבנס־לערעס אין די בורזשואַזע לענדער ריידן וועגן דעם „גאָט פון ליטזעליקייט און גנאָד“, האַלטן זיי אונטער אַלס קלאַל די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג. הייסט עס, אַז אויך אף זיי פאַלט די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַר די ליידן פון די אַרבעטנדיקע.

אָט די אַלע פּלאָגן פונעם קאַפּיטאַליזם זיינען ניט קיין אייביקע זאַך. זיי וועלן פאַרשווינדן אינאיינעם מיט דעם, ווי עס וועט פאַרשווינדן דער קאַפּיטאַליזם, אינאיינעם מיט דעם, ווי די געזעלשאַפט וועט זיך אָנהייבן איבערבויען אף קאָמו־ניסטישע יעסוידעס. פאַרן קאָמוניזם קעמפט אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער דער פּראָגרעסיוונער טייל פּראָלעטאַריער. אין פּססר איז אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אף אייביק פאַרניכטעט געוואָרן די עקספּלואַטאַ־ציע פון איין מענטש דורך אַ צווייטן, עס איז אויפגעבויט געוואָרן די סאָציאַליס־טישע געזעלשאַפט און עס ווערט געשאַפן אַ גליקלעך און פריידיק לעבן פאַר אַלע מענטשן. דערייבער קוקן די אַרבעטנדיקע פון אַלע לענדער אף פּססר ווי אף זייער פאָטערלאַנד, ווי אף דער שלאָג־בריגאַדע פונעם קאָמוניזם.

---

## V. צי איז פאַראַן אַ באַשאַפער פון דער וועלט

### פונוואַנען האָט זיך גענומען גאָט אַלייןּ

אויב עס איז ניטאָ קיין גאָט, ווער זשע האָט געשאַפן די וועלט? פונוואַנען האָט זיך גענומען די גאַנצע נאַטור? — פרעגן די גלייביקע.

די רעליגיע לייקנט, אַז די וועלט האָט עקזיסטירט און וועט עקזיסטירן איי־ביק. זי זאָגט, אַז גאָט האָט פון „גאָרניט“ באַשאַפן די וועלט און אַז עס וועט קומען עק וועלט.

די ווילדע מענטשן האָבן געהאַלטן, אַז פונקט ווי יעדער איינצלנע זאַך, וואָס דער מענטש מאַכט (אַ טעפּל, אַ מעסער אדג.), דאַרף אויך די וועלט האָבן אַן אָנהייב. האָט זיך טאַקע אין די גלויבנס־לערעס איינגעהיט אָט דער אָפּגעשטאַנע־נער, נאַיווער, פאַלשער קוק אף דער וועלט.

אויב מע זאָל דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז אַלץ, וואָס עקזיסטירט נאָר, האָט געהאַט זיינעם אַ באַשאַפער, פאַרוואָס זשע איז גאָט אַן אויסנאַם פון אָט דעם קלאַל? אויב די גלייביקע וואָלטן געוואָלט דענקען קאָנסעקווענט, וואָלטן זיי גע־מוזט זאָגן: ווייבאַלד גאָט האָט באַשאַפן די וועלט, איז אויך גאָט דער באַשאַפער געשאַפן געוואָרן דורך אַן אַנדער באַשאַפער, און יענער — נאָך דורך עמעצן אאַוו. אָן אַ סאָף.

דער געדאַנק וועגן דעם, אַז גאָט האָט באַשאַפֿן די וועלט, — דאָס איז אַ פֿאַנטאַזיע, אַן אויסטראַכטעניש. די דאָזיקע אויסטראַכטעניש שטאַמט דערפֿון, וואָס אונדזערע אורפֿאָטערס האָבן געוואָלט מעסטן די נאַטור אַף „זייער אַרשין", אוּר־טיילן וועגן אַלץ, נעמענדיק זיך אַליין פֿאַר אַ מוסטער. אָבער אָט דער געדאַנק ברענגט צו דער פֿראַגע: פֿונוואַנען זשע שטאַמט גופֿא דער באַשאַפֿער פֿון דער וועלט?

אין די אוראַלטע צײַטן פֿלעגן די גלייביקע ענטפֿערן פּאָזיטיוו אַף דער פֿראַגע: צי איז געווען אַן אָנהייב פֿון די געטער? זיי האָבן זיך ניט געקאָנט פֿאָר־שטעלן קיין אייביקע עקזיסטענץ. די גריכן האָבן געהאַלטן, אַז זייער הויפּט-גאָט זעווס שטאַמט פֿון קראָנאָס (צײַט), קראָנאָס שטאַמט פֿון אוראַן (הימל), אוראַנען האָט געהאַט געאַ (ערד), געאַ שטאַמט פֿון כאַאָס (רוים). און כאַאָסן ווער האָט געשאַפֿן? צו דעם האָט מען זיך שוין ניט דערגרונטעוועט, ווײַל דאָס צעטל פֿון די „אָוועס אַוויסיינו" פֿון די געטער איז אַזוי אויך געווען גענוג לאַנג.

די קלייקוידעש פֿון די הײַנטצײַטיקע רעליגיעס האָבן פֿײַנט, ווען מע פֿרעגט בײַ זיי: וואָס איז געווען פֿאַר גאָט? פֿונוואַנען און ווי אַזוי האָט זיך באַוויזן גאָט? ווי אַזוי האָט ער פֿון „גאָרניט" באַוויזן צו שאַפֿן די וועלט? פֿאַרוואָס איז אין דער וועלט, וואָס ער האָט געשאַפֿן, פֿאַראַן אַזויפֿיל פֿעלערן?

## די וועלט עקזיסטירט אייביק

די הײַנטצײַטיקע רעליגיעס לערנען, אַז די וועלט איז געשאַפֿן געוואָרן פֿון „גאָרניט".

דאָס איז אַן אומגעלומפּערטע פֿאָרשטעלונג, וואָס האָט קיין שום זין ניט און וואָס ווידערשפּרעכט אי די אַלע ידיעות, וועלכע מענטשן האָבן וועגן דער וועלט, אי דער מענטשלעכער פּראַקטיק, וועלכע באַווײַזט, אַז פֿון „גאָרניט" קאָן מען גאָרניט ניט מאַכן.

לאָמיר זיך דערמאָנען, אַז גאָט איז לויט דער גלויבנס-לערע און לויט דער פֿאָרשטעלונג פֿון די גלייביקע — אַ קערפּערלאָזער גײַסט, דה. אַן אַבסאָלוט פֿאַנ־טאַסטישע, אומגלייבלעכע זאַך, ווײַל אַלדאָס עקזיסטירנדיקע איז מאַטעריעל, די נאַטור ווידער, אָדער די מאַטעריע, עקזיסטירט רעאַל, אין דערווירקלעכקײַט, — זי איז אַרום אונדז און מיר זײַנען אַ טייל אירער. מיר שפּירן זי מיט אַלע אונ־דזערע כושים. גראָד די נאַטור, און ניט גאָט, עקזיסטירט אייביק. זי האָט ניט געהאַט קיין אָנהייב און קיינער האָט זי ניט געשאַפֿן.

יעטווידע באַזונדערע זאַך אין דער נאַטור, יעדער טייל אירער — די ערד, די לעוואָנע, די זון אאַוו. — האָבן זייער אָנהייב. די נאַטור אָבער אינגאַנצן גע־נומען איז קיינמאָל ניט אַנטשטאַנען, און אויסער איר איז קיין זאַך ניטאָ. שאַפֿן ווידער פֿון „גאָרניט" קען מען ניט. דעם דאָזיקן אויספֿיר קאָן מען באַשטעטיקן מיט זייער איבערצײַגנדיקע וויסנשאַפֿטלעכע אָנגאַבן.

# צי קאָן מען שאפן עפּעס פון „גאָרניט"

אין XVIII יאָרהונדערט איז געמאכט געוואָרן א גרויסע וויסנשאפטלעכע אנט-דעקונג, וואָס האָט גלענצנדיק באשטעטיקט דאָס, וועגן וואָס עס האָבן גערעדט שוין די אלט-גריכישע דענקער די אטעיִסטן. דער פראנצויזישער כימיק א. לא-וואזיע און אונדזער געניאַלער מיטבירגער מ. וו. לאָמאָנאָסאָוו האָבן גלייכצייטיק, אומאָפּהענגיק איינער פון צווייטן, דערוויזן מיט דער הילף פון עקספּערימענטן, אז די מאטעריע, פון וועלכע עס באשטייט די וועלט, קאָן ניט געשאפן ווערן פון גאָרניט און קאָן ניט פארוואנדלט ווערן אין גאָרניט, הייסט עס, אז עס קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן באשאפן אָדער צעשטערן די מאטעריע. די מאטעריע איז, הייסט עס, די גאנצע נאטור, זיינען אייביק.

טיילמאָל דאכט זיך, אז דער אָדער יענער שטאָף ווערט פארניכטעט און לאָזט גאָר קיין שפור ניט נאָך זיך אָדער אז פאר אונדזערע אויגן אנטשטייט א נייער שטאָף. איינדערעמעסן אָבער האָט זיך אין אזויינע פאלן געענדערט בלויז די פאָרם (דער מין, די קוואליטעט) פון דער מאטעריע, דער סכום איז געבליבן דער זעלבער, ער האָט זיך אפילו קיין איין האָר ניט פארקלענערט און ניט פאר-גרעסערט.

לאָמיר נעמען אזא ביישפיל: עס ווערן פארברענט קוילן — דה. די מאטעריע ווערט ווי פארשוואונדן. פאקטיש קומט דאָ פאָר אזא דערשיינונג: פאריייניקנדיק זיך מיטן זויערשטאָף פון דער לופט, ווערן די קוילן פארוואנדלט אין גאזארטיקן קוילנזויערשטאָף, דה. זיי ענדערן בלויז די פאָרם, — די מאטעריע ווערט ניט פאר-שוואונדן.

א צווייטער ביישפיל: עס ווערט פארזשאווערט אייזן, דה. עס באוויַיזט זיך גאָר א נייער שטאָף — זשאווער. וואָס באקומט זיך דאָ? דער אייבערשטער שיכט אייזן פאריייניקט זיך מיטן וואסער און מיטן זויערשטאָף פון דער לופט, דה. די מאטעריע בייט דאָ איר פאָרם, — קיין נייע מאטעריע ווערט אויך דאָ ניט געשאפן.

מיט דער הילף פון עקספּערימענטן האָבן געלערנטע דערוויזן, אז דער סכום שטאָפן אין דער נאטור ענדערט זיך ניט, פארשווינדט ניט און ווערט ניט גע-שאפן: אין דער נאטור קומט בלויז פאָר א פארענדערונג פון די פאָרמען פון מאטעריע. דעם מענטשנס גאנצע פראקטיק רעדט קלאָר וועגן דעם, אז פון גאָרניט אנטשטייט קיין זאך ניט און אז דאָס, וואָס עקזיסטירט, קאָן ניט פארוואנדלט ווערן אין גאָרניט.

וואָס זשע דרינגט דערפון?

עס איז לייכט צו פארשטיין, אז אויב דאָס אנטשטיין („שאפונג") און דאָס פארשווינדן („פארלוסט") פון מאטעריע זיינען אוממעגלעך, הייסט עס, אז קיין אָנהייב פון מאטעריע אין צייט איז ניט געווען און קאָן ניט זיין. און אזוי ווי די גאנצע נאטור, די גאנצע וועלט איז מאטעריעל, באשטייט פון מא-טעריע, מוז מען אָנערקענען, אז די וועלט האָט קיין אָנהייב ניט, זי האָט אלע-מאָל עקזיסטירט און וועט שטענדיק עקזיסטירן, דה. זי איז אייביק.

# די אידײ װעגנ דעמ װעלט־באַשאַפער איז אומגעלומפערט

בא די גלײביקע באַקומט זיכ אזוי, אז גאָט איז אײביק אונ אז אָנ א שיר צײַט איז ער געזעסנ אונ האָט גאָרניט ניט געטאָנ. דערנאָכ האָט ער פּלוצעמ געזאָגט: „זאָל װערנ!“ אונ האָט אײנס־אונ־צװײ געשאַפנ פונ גאָרניט די גאַנצע װעלט.

װי האָט אָבער געקאָנט דער גרױסער שעפער אינ מעשעכ פונ אָנ א שיר צײַט זיצנ אָנ א שטאָכ מעלאָכע? אויב עס עקזיסטירט װירקלעכ א באַשאַפער פונ דער װעלט, איז אומזיניק צו טראַכטנ, אז ער האָט קײנ זאכ ניט געטאָנ ביז מאָמענט פונ באַשאַפ. דעריבער אַנטשטײט אומפאַרמײַדלעכ די פראַגע: װאָס האָט גאָט געטאָנ ביזנ װעלט־באַשאַפ?

פאַר גלײביקע איז עס זײער אנ אומאָנגענעמע פראַגע. די רעליגיע האָט מוירע פאַר דער דאָזיקער פראַגע אונ האַלט זי פאַר גאָטלעסטערונג, פאַר אפּיקאָרסעס.

פונקט אזוי פאַרטראָגט ניט די רעליגיע, װענ מע פרעגט: װאָס זשע האָט געצװוּנגענ גאָט צו שאַפנ די װעלט? עס באַקומט זיכ דאָכ, אז גאָט — אָט דעמ אַלמעכטיקנ אונ מיט אַלצ צופרידענעמ װעזנ — איז פּלוצעמ אומעטיק געװאָרנ אונ ער האָט זיכ אומגעקוקט, אז עס פעלט אימ עפּעס.

געװײנלעכ מײנענ די גלײביקע אזוי: „גאָט — איז א פרײַ װעזנ: װאָס ער װיל, דאָס טוט ער, הײסט עס — ניטאָ נאָכ װאָס צו פרעגנ, פאַרװאָס איז אימ פּלוצעמ אײַנגעפאַלנ צו שאַפנ די װעלט“.

קומט אויס, אלזאָ, אז פריער האָט גאָט ניט „געװאָלט“, אונ דערנאָכ האָט זיכ אימ פּלוצעמ „פאַרװאָלט“, אָבער פאַרװאָס עפּעס האָט זיכ אימ אײנמיטנדרינענ „פאַרװאָלט“? װײַזט אויס, אז אימ, דעמ מיט אַלצ צופרידענעמ אונ גליקזעליקנ, האָט עפּעס געפעלט. הײסט עס, אז מע קאָנ גאָט ניט האַלטנ פאַר א פולקומ, גליקזעליק װעזנ, װאָס איז מיט אַלצ צופרידנ.

אָדער לאָמיר דערלאָזנ אפ אײנ מינוט דעמ געדאַנק, אז גאָט עקזיסטירט, אז ער איז א פולקומ, אַלמעכטיק, אַלצװיסנדיק װעזנ. שטעלט זיכ װידעראַמאָל די אַלטע קאַשע: פאַרװאָס זשע האָט ער געשאַפנ די װעלט אזוי, אז ער האָט געמוזט, װי די ביבל דערצײלט, א סאַכ זאַכנ פאַרניכטנ אונ איבערמאַכנ? אונ פאַרװאָס איז אינ דער װעלט דאָכ פאַראַנ אזוי פיל כעסרוינעס?

עמעס, װענ מע װײַזט אָנ אפ די פילצאָליקע װידערשפּרוכנ, אומגעלומפערטקײַטנ, װאָס זײַנענ פאַראַנ אינ דער פאָרשטעלונג װעגנ גאָט, זאָגנ די קלײקױדעש: דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד איז שטאַרק באַגרענעצט, ער באַנעמט ניט די „געטלעכע סוידעס“. אָבער אויב אזוי, מוז מענ װידעראַמאָל פרעגנ: פונװאַנענ זשע װײסנ זײ, די קלײקױדעש, אז עס איז פאַראַנ א געטלעכ װעזנ מיט אומבאַגרײַפלעכע אײגנשאַפטנ? אונ כוץ דעמ, אויב די דאָזיקע „סוידעס“ װאָלטנ געװענ העכער פונעמ מענטשלעכנ פאַרשטאַנד, װאָלטנ זײ געװענ אומפאַרשטענדלעכ פאַר אונדז אונ מיר װאָלטנ ניט געקאָנט באַמערקנ זײער אומגעלומפּערטקײַט. אונ די אומזיניקײַט פונ די פאַרשײדענע רעליגיעזע לערעס װאַרפט זיכ דאָכ שוינ לאַנג אינ די אויגנ די אַלע, װאָס זײַנענ פײיִק ניכטער צו קוקנ אפ זאַכנ. אונ עס איז דעריבער אינגאַנצנ נאַטירלעכ, װאָס די רעליגיע פאַרװערט צו טראַכטנ.

עס איז באַװוּסט די פאָרשטעלונג, װאָס איז אַמאָליקע צײַטנ געװענ אינ אײ-

ניקע ערטער פארשפרייט, די פאָרשטעלונג וועגן דעם, אז די ערד האלט זיך אפ א העלפאנד; אָט דער העלפאנד שטייט אפ א קאָלאָסאלן שילדקרעט, און דער שילדקרעט שווימט ארום אין א מילך-ים. און דעמלט האָט מען געהאלטן פאר א גרויסער אווירע, ווען א גלייביקער פלעגט פרעגן, — אפ וואָס האלט זיך דער מילך-ים.

פונקט אזוי פארלײַדן ניט די הײַנטצײַטיקע רעליגיעס די סאמע פּאָשעטע, אומפארמײַדלעכע פראגן: וואָס האָט געטאָן גאָט ביזן וועלט-באשאפן? צו וואָס האָט ער באדארפט די וועלט? פונוואנען האָט זיך גענומען גאָט אליין? ווײַל די, וואָס שטעלן אזוינע פראגן, קאָן מען שוין ניט רעכענען פארווירקלעך גלייביקע מענטשן.

---

## VI. צי זײַנען מעגלעך ניסים

### ווען עס וואָלט געשען א נעס...

יעדע גלויבנס-לערע האלט, אז גאָט האָט ניט נאָר באשאפן די וועלט, נאָר אז ער רעגירט אויך איבער איר, מישט זיך קעסיידער ארײַן אין דעם גאנג פון די געשעענישן. דעריבער זאָגן די גלייביקע, אז גאָט קאָן צו יעטווידער צײַט טאָן א נעס, ענדערן דעם נאטירלעכן, געוויינלעכן גאנג פון די געשעענישן, דה. ברעכן די נאטור-געזעצן.

די רעליגיע לערנט, אז פאר גאָט איז אלץ מעגלעך, דעריבער איז ניטאָ און קאָן ניט זײַן קיין רעליגיע אָן גלויבן אין ניסים, אין גאָטס אלמעכטיקייט. ניט אומזיסט איז פאראן אן אלט גלײַכווערטל: „אז גאָט וויל, שיסט א בעזעם״.

אין די „הייליקע״ ספאָרים איז פאראן אָן א שיר דערציילונגען וועגן ניסים. אינעם בוך פון „יעהושוא״ (קאפיטל X, פּאָסעק 12 — 13) ווערט דערציילט, אז איינמאָל, בײַם א שלאכט מיט אמויר, האָט דער יידישער פירער יעהושוא בין-נון אָפּגעשטעלט די זון און די לעוואָנע איבערן אָרט, ווו עס איז פאָרגעקומען די שלאכט, קעדיי די נאכט זאָל אָנקומען שפּעטער, — אנדערש וואָלט ער ניט באוויזן אויסצוהארגענען דעם סוינע. ווי אלע דערציילונגען וועגן ניסים איז אויך דאָס בלויז אן אויסערסט נאַיווע אויסטראכטעניש.

טאקע אזוי, קעדיי די נאכט זאָל אָנקומען שפּעטער, האָט מען דאָך געדארפט אָפּשטעלן ניט די זון, נאָר דעם ערדקײַלעך, ווײַל ניט די זון דרייט זיך ארום דער ערד, נאָר די ערד דרייט זיך ארום זיך ווי א דריידל און באווײַזט דער זון דאָ איין זײַט אירע, דאָ — די צווייטע. אָבער אויב מע זאָל אָפּשטעלן די באַוועגונג פון דער ערד, וואָלט מיטן ערדקײַלעך פאָרגעקומען די שוידערלעכסטע קאטאסטראָפע.

יעדע זאך, וואָס האלט זיך אין באוועגן, ווארעמט זיך מיטאמאָל אָן, אויב זי שטעלט זיך מאָמענטאל אָפּ. צום בײַשפיל, א האמער, וואָס פאלט אפ דער קאָוואדלע, ווארעמט זיך אָן בלויז דערפון, וואָס זײַן באוועגונג האָט זיך פאר-וואנדלט אין ווארעמקײַט. אויב עס וואָלט זיך אָפּגעשטעלט די אומדרייונג פון דער ערד, וואָלט זיך איר באוועגונג אויך פארוואנדלט אין ווארעמקײַט. מע האָט

אויסגערעכנט, אַז אָט די וואַרעמקייט וואָלט געוועז גענוג ניט נאָר צו פֿאַרברענען אַלדאָס לעבעדיקע אויף דער ערד, נאָר אַפֿילו צו פֿאַרוואַנדלען די ערד אין אַ צעגליטער מאַסע. אָט דער ביישפּיל באַווייזט, אַז ניסים זיינען אוממעגלעך, אַז אַלע ביבלישע דערציילונגען וועגן ניסים זיינען פּאַשעט באָבעמייסעס.

## וואָס הייסט עס — „טפֿילע טאָן"

אָבער דער גלייביקער קאָן זיך ניט אָפּזאָגן פֿון גלייבן אין ניסים, דה. פֿון גלייבן, אַז פֿאַר גאָט איז אַלץ מעגלעך. אָן דעם דאָזיקן גלויבן פֿאַרלירט דעם זין די וויכטיקסטע באַשעפֿטיקונג פֿונעם גלייביקן — טפֿילע טאָן.

וועגן וואָס בעט דער גלייביקער בײַ גאָט אין זיין טפֿילע? פֿאַרשטייט זיך, ניט וועגן דעם, אַז אַלץ זאָל גיין, ווי ס'מוז גיין, — דאָס וועט פּאַסירן אויך אָן זיין טפֿילע. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז ווען אַ מענטש טוט טפֿילע, בעט ער בײַ גאָט מאַכן אַזוי, אַז דאָס, וואָס מוז פּאַסירן, זאָל ניט פּאַסירן, אָדער אַז עס זאָל פּאַסירן דאָס, וואָס בײַ אַ נאָרמאַלן גאַנג פֿון די געשעענישן קאָן עס ניט פּאַסירן. דער גלייביקער בעט אַלעמאָל וועגן אַ נעס, וועגן אַן איבערנאַטירלעכע געשעעניש.

דער באַוווּסטער רוסישער שרייבער טורגעניעוו איז געווען אַבסאָליוט גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט: „וועגן וואָס אַ מענטש זאָל ניט בעטן גאָט — בעט ער וועגן אַ נעס. יעטווידע טפֿילע באַשטייט אין פֿאָלגנדיקס: „גרויסער גאָט, מאַך אַזוי, אַז צוויי מאָל צוויי זאָל ניט זיין פֿיר". אָבער צי קאָן גאָט מאַכן אַזוי, אַז צוויי מאָל צוויי זאָל ניט זיין פֿיר? אַ גלייביקער איז מכוּיעוו צו ענטפֿערן: „ער קאָן" און איז מכוּיעוו זיך אַליין דעריין צו איבערצייגן, ניט רעכענענדיק זיך דערמיט, וואָס זיין פֿאַרשטאַנד פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ אומזיניקייט".

ווירקלעך, טפֿילע טאָן, גלייבן אין ניסים, אין אַן איבערנאַטירלעכער אָפּעטראָפּעס — הייסט גלייבן אין אומזיניקייט. נאָך דער באַוווּסטער פֿראַנצויזישער פֿילאָסאָף פֿון XVIII יאָרהונדערט פּ. גאָלבאַך האָט געזאָגט, אַז „בעטן צו גאָט באַטייט ניט מער ווי בעטן צו דער אייגענער פֿאַנטאַזיע". און אַ צווייטער אָנגעזעענער דענקער פֿון יענער צייט, זשאַן זשאַק רוסאָ, האָט געמאָלדן: „אויב איך וואָלט מיט מיינע אייגענע אויגן געזען אַ נעס, וואָלט איך עפּעס אַראָפּ פֿון זינען, נאָר ניט אָנגעהויבן גלייבן". דערמיט האָט ער אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז יעטווידער „נעס" איז אָדער אַ קונציקע אָפּנאַרעריי אָדער אַ נאָך דערוויייל ניט דערקלערטע דערשיינונג.

## אונדזער גאַנצע פּראַקטיק לייקנט אָפּ דעם גלויבן אין ניסים

קיין שום ניסים זיינען ניטאָ און קאָנען ניט זיין. דאָס ווערט דערוויזן דורך אונדזער גאַנצער פּראַקטיק, דורך אונדזער גאַנצער וויסנשאַפֿטלעכער, טעכנישער דערפֿאַרונג, דורך אונדזער לעבנס-דערפֿאַרונג אאַוו.

קעדיי צו לעבן, דאַרף מען זיין טעטיק. קעדיי צו טאָן עפּעס מיט דערפֿאָלג, דאַרף מען פֿאַרשטיין די פֿאַרבינדונג פֿון פֿאַרשיידענע דערשיינונגען. דאָס טוט טאַ-

קע די וויסנשאַפט, וועלכע זאָגט אונדז, אז עס איז ניטאָ קיין שום זאַך סטאַם אין דער וועלט אַרײַן.

אַלץ אין דער וועלט איז געזעצמעסיק. דאָס הייסט, אז אַלע דערשײַנונגען קומען פאָר ניט כאַאָטיש, נאָר אזוי ווי לויט באַשטימטע קלאָלים, לויט די נאַטור־געזעצן, ווי ס'זאָגן געלערנטע. אפ יעדן טריט און שריט איבערצײַגן מיר זיך אין דעם, אז איינע און די זעלבע סיבעס רופן אַרויס בא איינע און די זעלבע באַ-דינגונגען איינע און די זעלבע רעזולטאַטן. אין דער נאַטור איז ניטאָ אזוינס, — אז בא איינע און די זעלבע באַדינגונגען זאָל א דערשײַנונג פאָרקומען איין מאָל אזוי און איין מאָל אַנדערש. אויב עס וואָלט געווען ניט אזוי, וואָלט אומעגלעך געווען צו לעבן.

יעטווידע האַנדלונג אונדזערע קאָן דאָך האָבן א זין בלויז, ווען מע קאָן אויסרעכענען, אז זי וועט אַרויסרופן א פאָרויסבאַשטימטן רעזולטאַט. מיר זייען קאָרן, ווײַל מיר זײַנען זיכער, אז פון קאָרנע זוימען וועט שטענדיק אויסוואַקסן קאָרן און ניט קיין רעטעך אָדער עפּעס אַנדערש. מיר פאַרקנעטן טייג און שטעלן עס אַרײַן אין אויוון, ווייסנדיק, אז מיר וועלן באַקומען ברויט און ניט קיין קאַוון.

אונדזער כעזשבן איז א ריכטיקער, ווײַל אין דער נאַטור קומט קיין זאַך ניט פאָר ווי-ניט-איז, סטאַם אין דער וועלט אַרײַן. ווען אן אינזשעניער פון א זייפ-זאַוואָד אָדער א בעקער וואָלטן געגלייבט, אז גאָט קאָן זיך צו יעדער צײַט אַרײַנמישן אין דעם פּראָצעס פון מאַכן זייפ אָדער באַקן ברויט, וואָלטן זיי דען געקאָנט רויִק אַרבעטן?

אויב עס וואָלטן מעגלעך געווען ניסים, וואָלט ניט געקאָנט זײַן קיין רייד וועגן טעכניק, פּראָדוקציע, לעבנס-דערפאַרונג, וועגן פּינקטלעכע מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען.

די אויפגאַבע פון וויסנשאַפט און טעכניק איז ברענגען דערצו, אז די נאַטור זאָל דינען דעם מענטשן.

אָבער ווי קאָן מען באַוווסטזיניק ענדערן די נאַטור, אויב מע זאָל גלייבן, אז אַלץ אין דער וועלט געפינט זיך אונטער דער אומבאַגרענעצטער מאַכט פון עפּעס אן אַלמעכטיק וועזן — פון גאָט, וואָס איז קלוימערשט מעסוגל צו „טאָן ני-סים”, דה. אַרײַנברענגען אינעם גאַנג פון די נאַטור-דערשײַנונגען די סאַמע אומ־דערוואַרטע ענדערונגען.

מענטשן ענדערן דעם אויסזען פון דער ערד, אַרבעטן פאַנאַנדער אירע טי-פענישן, בויען אַעראָפּלאַנען און אונטערוואַסער-שיפלעך, ציכטן נײַע מינים גע-וויקסן און נײַע ראַסעס באַלעכײַים. מענטשן טוען עס אַלץ און ווייסן דערבײַ פעסט, אז אין דער וועלט זײַנען ניטאָ קיין ניסים, אז עס זײַנען ניטאָ קיין ווילקירלעכע אײַנפלוסן, אז קיין שום געטלעכע קראַפט מישט זיך ניט אַרײַן אין זייער לעבן.

דער גלייביקער זאָגט, אז אַלץ קומט נאָר פון גאָט: „גאָט איז איינער, און ווײַ-טער קיינער”. אויב אָבער א מענטש טראַכט טאַקע אזוי און אויב ער דענקט קאָנסעקווענט, דאַרף ער אָפּוואַרפן וויסנשאַפט און טעכניק און נאָר בעטן גאָט. ער דאַרף ראַכמים בעטן בא דעם „אַלמעכטיקן”, אז ער זאָל א דריי טאָן דאָס רעדעלע, ווי מיר ווילן, דה. ער זאָל טאָן פאַר אונדזערטוועגן א נעס.

וואָלט מען דען געדאַרפט מיט אַזויפיל מי און זאָרג דערלערנען די אייגנשאַפטן פון באָדן און זייער ווירקונג אויפן וווּקס פון די געוויקסן, וואָלט מען דען געדאַרפט אַפּ דער באַזע פון די דעראָבערטע ידיעות ריכטיק באַאַרבעטן די ערד, אויב די גערעטעניש, פּונקט ווי אַלץ אין דער וועלט, איז אָפּהענגיק פון גאָט? עס וואָלט געוווען גענוג פּאָשעט אַ בעט טאָן בא גאָט, אַז ער זאָל שיקן אַ גערעטעניש. די קלייקווידעש פאַרזיכערן דאָך, אַז דער „לייטזעליקער" גיט, אויב מע טוט אים בעטן. דער יעוואַנגעליום אייצעט אַפילע די גלייביקע, זיי זאָלן לעבן ווי די פויגל אין הימל, וואָס זייען ניט, שניידן ניט און עסן צו זאַט. אָבער דער פויער ווייסט: „וואָס מע זייט, דאָס שניידט מען". און אויב מע זייט ניט, וועלן קיין גאָט און קיין טײַוול ניט העלפן און קיין ברויט וועט ניט זײַן.

## „אַליין ניט שלאָפ"...

ווען דער גלייביקער שאַפט די אָדער יענע מאַשין, פאַרגעסט ער ווי אומגערן וועגן גאָטס ווילן אַאוו.. ווײַל וויבאַלד אַ מענטש קומט אָן ניט צו טפילע, נאָר צום געצײַג, וואָס ער אַליין האָט געמאַכט, פאַרלאָזט ער זיך שוין גאָר ניט אַפּ גאָט און זײַן ווילן, נאָר אַפּ זיך.

אין דער אינדוסטריע, לאַנדווירטשאַפט, מעדיצין טוען די מענטשן ניט אַזוי, ווי עס לערנט זיי די רעליגיעזע וועלט-אָנשויונג, נאָר פאַרקערט, ווײַל זיי פאַרלאָזן זיך ניט אַפּ גאָט, נאָר בלויז אַפּ זיך, אַפּ זייער וויסן, דערפאַרונג, פאַרשטאַנד.

דאָס זעט מען כאָטשבי דערפון, וואָס גלייביקע וועלן ניט גיין זייען אַפּ שטיין, ווײַל זיי ווייסן, אַז קיין שום טפילע וועט ניט העלפן — קיין ברויט אַפּ שטיין וואַקסט ניט. פאַרקערט, גלייביקע נוצן זייער גערן אויס די דערגרייכונגען פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער וויסנשאַפט — פון דער אַגראָנאָמיע.

ווען עס קומט צו פּראַקטישער טעטיקײַט, פאַרגעסט אַפילע דער סאַמע גלייביקער מענטש אָפּטמאָל אָן גאָט. ניט אומזיסט זאָגן אָפּט גלייביקע: „אַפּ גאָט האָפּ און אַליין ניט שלאָפ"...

דער פאַקט, וואָס גלייביקע אַקערן, זייען, באַמיסטיקן, שנײַדן און באַגרענעצן זיך ניט מיט טפילע טאָן, באַווײַזט, אַז אין זייער לעבנס-טעטיקײַט (וואָס האָט ניט קיין שום שײַכעס צו רעליגיע), טוען זיי קימאַט אַלעמאָל אַזוי, ווי עס הייסט זיי דער פאַרשטאַנד, די פּראַקטיק, האַנדלען זיי אַזוי, ווי זיי וואָלטן געוווען אַפּיקאָרסים. זיי ווייסן, אַז קיין שום געטער וועלן ניט אָנפילן די שפּײַכלערס.

דעריבער קאָן מען זאָגן, אַז דעם מענטשנס גאַנצע פּראַקטיק באַשטעטיקט די ריכטיקײַט פון אַפּיקאָרסעס און די פאַלשקײַט פון רעליגיע. זי באַווײַזט, אַז אַלע דערשײַנונגען אין דער וועלט קומען פאָר אין לעבן מיט אַ געוויסער צוועקמעסיקײַט, וואָס דרינגט אַרויס פון דער נאַטור גופא און קאָן ניט געבראָכן ווערן דורך טפילעס און אַנדערע ראַבאָנישע קונצן.

## עס איז ניטאָ קיין הערשער איבער דער וועלט

אפילע אייניקע פּארטיידיקער פון דער רעליגיעזער וועלט־אָנשויונג קאָנען ניט באהאלטנ די אומגעלומפּערטקייט פון דער פאָרשטעלונג וועגנ דעמ, אז עס עק־זיסטירט א הערשער איבער דער וועלט, וועלכער טוט ניסימ. דעריבער האלטנ זיך אייניקע מענטשנ בא דער מיינונג, אז דער יעסאָד פון דער געטלעכער פּאָ־ליטיק איז דאָס „ניט ארייַנמישנ זיך" אינ דער פירעכצ פון דער וועלט.

נאָכ דעמ קוק נאָכ איז גאָט ניט דער הערשער, נאָר בלויז דער באשאפער פון דער וועלט: ער האָט באשאפנ די נאטור, געגעבנ איר אייביקע אומבאַרירלע־כע געזעצנ, און דערנאָכ האָט ער זיך אפּ שטענדיק אָפּגעזאָגט פון ארייַנמישנ זיך אינעמ לעבנ פון דער וועלט, אינעמ גאנג פון די געשעענישנ, אינ דער ווירקונג פון די נאטור־געזעצנ, וואָס ער אליינ האָט זיי אייַנגעשטעלט. מיט איינ וואָרט, אזא גאָט איז ענלעכ צו א געניטנ זייגערמאכער: ער האָט אָנגעצויגנ דעמ זייגער, און יענער גייט שוינ אליינ.

די דאָזיקע אָנשויונג, וואָס אָנערקענט גאָט בלויז פאר דער אורסיבע, אָדער פארנ באשאפער פון דער וועלט, הייסט דעיִזמ (פונעמ לאטייַנישנ וואָרט „דעוס" — גאָט). צי קאָנ מענ מאסקימ זייַנ מיט אָט דער אָנשויונג?

בעשומויפנ ניט, ווייַל מיר האָבנ שוינ געזענ, אז די אידיי פון גאָט דעמ שעפער איז פּונקט אזוי אומזיניק, ווי די אידיי פון גאָט דעמ הערשער. פון דער אנדערער זייַט, איז דער דעיִזמ ניט אָנעמבאר פאר יעטווידער גלויבנס־לערע, ווייַל וואָס שטעלט ער מיט זיך פאקטיש פאָר, דער גאָט פון די דעיִסטנ? דאָס איז אנ אבסאָליוט אומנייטיקע, איבעריקע זאכ, גלאט אזוי לעפאָנעמ. ער גיט קיינ זאכ ניט און נעמט קיינ זאכ ניט צו, אזוי אז טפּילע טאָנ צו אימ איז ניט נייטיק. דער גלייביקער קאָנ ניט אייַנגיינ אפּ דעמ, אז עס עקזיסטירט אזא גאָט, וואָס בעטנ צו אימ איז קיינ פּולע ניט, וואָס שטייט אָנ א זייַט פון דער וועלט, טוט ניט קיינ ניסימ פאר די מענטשנסוועגנ.

---

# אויספיר

## רעליגיע איז גייַסטיקע בלינדקייַט

פון דעמ אלעמ, וואָס מיר האָבנ דאָ דערציילט, איז צו זענ, אז בייס א שטרייַט מיט די ניטגלייביקע געפינענ זיך די גלייביקע אינ א ביטערער לאגע, ווייַל די אומגעלומפּערטקייַט פון גלייבנ אינ גאָט איז אומבאשטרייַטבאר. אויס־געהערט די באווייַזנ פון די ניטגלייביקע, מוז דאָכ יעדער גלייביקער זיך סאָפּ־קאָלסאָפּ אָדער אָפּזאָגנ פון גלייבנ אינ גאָט אָדער אָנערקענענ זיך פאר א מענטשנ, וואָס ווארפט אָפּ די ארגומענטנ פון פארשטאנד און סייכל־האיאָשער. אָבער אונטערנ אייַנפלוס פון דער ראבאָנישער אגיטאציע אָדער אלס רעזולטאט פון אָפּגעשטאנענקייַט און אומוויסנהייַט גייענ ווייַט ניט אלע גלייביקע גלייַכ אייַנ רויק אויסצוהערנ דעמ ניטגלייביקנ און דורכטראכטנ זייַנע ארגומענטנ קעגנ גלייבנ אינ

גאָט. אייניקע גלייביקע זאָגן אפריער, אז די ניטגלייביקע וועלן זיי קיינמאָל ניט איבערצייגן אין דעם, אז זיי זיינען גערעכט.

וואָס באטייט עס אָבער?

דאָס באטייט, אז אזוינע מענטשן זאָגן זיך אָפּ צו טראכטן, זיי האָבן מוירע פאר פאקטן. די גלייביקע דארפן אָדער אָפּלייקענען די פאקטן און די באווייזן פון די ניטגלייביקע אָדער צונויפּפּאָרן די דאָזיקע פאקטן און באווייזן מיט זייערע רעליגיעזע אָנשויונגען. אויב אָבער זיי זאָגן זיך אָפּ גלייך פון אָנהייב אָן צו טראכטן און שטרייטן, באווייזן זיי דערמיט, אז גלייבן אין גאָט און אין אנדערע איבערנאטירלעכע וועזנס קאָן מען נאָר איבער אומוויסנהייט און אמעראצעס. מירריידן דאָ ניט וועגן די קלייקוידעש, וואָס פאר זיי איז דער גלויבן אין גאָט, כוץ אלע זיבן זאכן, א גאנצ לוינבארע זאך. מיר ריידן דאָ אויך ניט וועגן דער בורזשואזיע, וועלכע איז פאראינטערעסירט אין דעם, אז דאָס פאָלק זאָל גלייבן אין גאָט, אין יענער-וועלט און זאָל זיך אָפּזאָגן פון קאמפ פאר א בעסער לעבן אָפּ דער-וועלט.

ווייזט אויס, אז דאפקע דעם סאָרט גלייביקע, וואָס ווילן ניט טראכטן, האָט אין זינען געהאט דער פראנצויזישער פילאָסאָף רענאן, ווען ער האָט געזאָגט: „גאָט איז דער סייכל פון די, וואָס האָבן קיין סייכל ניט"...

דאָס אמעראצעס און די רעליגיעזע בלינדקייט פון די פאָלקסמאסן שטאמט פון קלאסן-סיבעס, און די דאָזיקע בלינדקייט איז אלעמאָל געווען שטארק באקוועם פאר די עקספּלואטאטאָרן. וואָס רעליגיעזער עס איז דער ארבעטנדיקער, אלץ מער איז ער מעסוגל צו גלייבן בלינד, אפן וואָרט. איבער דעם ווייסט ער ווייניקער פון אלץ דעם עמעס וועגן די סיבעס פון עקספּלואטאציע, און דעריבער איז אים לייכטער צו אונטערדריקן.

די קלייקוידעש זיינען געדונגענע מעשאָרסים בא די הערשנדיקע עקספּלואטאטאָרישע קלאסן, זיינען פארשפרייטער פון אמעראצעס. איינער אן ענגלישער קאפּיטאליסט האָט געזאָגט: „ווען מיין פערד וואָלט געוווּסט אזויפיל וויפל איך, וואָלט איך דען געקאָנט רייטן אָפּ אים?" מיט דער הילף פון אמעראצעס, בלינדן רעליגיעזן גלויבן, גייסטיקער בלינדקייט סטארען זיך טאקע די קאפּיטאליסטן „רייטן" אָפּ די ארבעטנדיקע ווי אָפּ א נאָכגיביק פערדל. הייסט עס, אז דער גלויבן אין גאָט איז א גרויסע רעָע פאר די ארבעטנדיקע און א גרויסע טויווע פאר די עקספּלואטאטאָרן.

ס'איז קיין צווייפל ניט, אז רעליגיע איז איינס פון די ראפינירטסטע און שטארק ווירקנדיקע געצייג צו אונטערדריקן די פאָלקסמאסן. זי מאכט צום נאר די ארבעטנדיקע, פארשיקערט זייער באוווּסטזיין, קעדיי אונטערצוהאלטן זייער קנעכטישע האכנאָעדיקייט. פון דער אידיי פון גאָט, וועלכער פירט אָן מיטן גוירל פונעם מענטשן, דרינגט דאָך ארויס, אז דער גלייביקער דארף זיין א האכנאָעדיקע, נאָכגיביקע באשעפעניש, וואָס פארלאָזט זיך ניט אָפּ זיינע פייקייטן, קויכעס און דערפארונג. די רעליגיע לערנט, אז „א מענטש טראכט און גאָט לאכט", ד.ה., אז אלץ הענגט אָפּ בלויז פון גאָט. זי מאכט גאָט פאר א האר און דעם מענטש פאר א שקלאפ, וואָס פאלט קוירים און זאָגט האכנאָעדיק: „זאָל זיין ווי דיין ווילן איז, ריבוינעשעלוילעם".

די רעליגיע לערנט, אז יעטווידע מאכט, און פריער פון אלץ — די מאכט

פון די קאפיטאליסטן — איז פון גאָט. זי דערקלערט די נידערטרעכטיקסטע עקס-
פּלואטאטאָרישע פאַראָנדקעס פאר „גאָטס גאָב״, זי זאָגט, אז זיי זײַנען יושער-
דיק און אייביק. די רעליגיע פרייידיקט, אז מע זאָל שאָלעם מאכן מיט עקספּלואטא-
ציע, אונטערדריקונג און קאָלערליי געזעלשאפטלעכע אומרעכט. זי זאָגט, אז אפ
„יענער-וועלט״ וועט אלץ זײַן אײַנגעאָרדנט בעסער ווי אפ דער-וועלט, אז די
אונטערדריקטע דערוואַרט דאָרט גליק. די רעליגיע און די רעליגיעזע אָרגאניזא-
ציעס באַציִען זיך מיט האס צום קאמף פון די ארבעטנדיקע פאר א בעסער
לעבן אפ דער-וועלט. אָט פארוואָס די קלייקוידעש פירן אין אויסלאנד צוזאמען
מיט דער בורזשואזיע א מיִעסע העצע קעגן דעם ראטנפארבאנד און פארפאָלגן
די קאָמוניסטן. אָט פארוואָס די קלייקוידעש פון אלע רעליגיעס האָבן זיך אין
פססר פון אָקטיאבער 1917 י. אָן אוועקגעשטעלט אין א פײַנטלעכער פּאָזיציע בענע-
גייע דער ראטנמאכט און בענעגייע דער סאָציאַליסטישער בויונג.

די רעליגיע שפאנט אײַן די ארבעטנדיקע אין א יאָך, זי רופט זיי ניט
קעמפן פאר א בעסער לעבן, נאָר וואַרטן אפ א באלוינונג „אפ „יענער-וועלט״
און פארלאָזן זיך בלויז אפ גאָטס גנאָד און לײַטזעליקײַט.

אזויארום פארהײַליקט די רעליגיע די הערשאפט פון קאפיטאל און דעם
דאָלעס, הונגער, נויט, אומרעכט, געוואלט, אונטערדריקונג און ליידן, וואָס
דרינגען דערפון ארויס. צוזאָגנדיק די ארבעטנדיקע א גאניידן אפ יענער-וועלט,
גיט זי דערמיט גופּע א מעגלעכקײַט די פוסטעפּאסניקעס צו לעבן רויִק און
הערשן אפ דער-וועלט. רעליגיע איז איינער פון די שולדיקע אין דער אומענטש-
לעכער קנעכטשאפט, אין די אומגעהייערע ליידן פון די ארבעטנדיקע מאסן, ווײַל
זי העלפט די בלוטזויגער אין זייער בלוטיקער ארבעט. עס איז דעריבער קיין
וווּנדער ניט, וואָס די עקספּלואטאטאָרישע קלאסן מאכן אלעמאָל יאדאכאס מיט
די קלייקוידעש און שטיצן מיט אלע מיטלען די רעליגיע.

דער קאטוילישער גאלעכ ווינדהאָרסט האָט אָפן דערקלערט: „ווען אין פאָלק
וועט אויסגעלאָשן דער גלויבן, קאָן עס מער ניט שאָלעם מאכן מיט זײַן ביטערער
לאגע און שטייט אופ״. ווירקלעך, דער גלויבן אין גאָט, וועלכער באלוינט און
באשטראָפט אפ „יענער-וועלט״ — איז א צוים פאר די פאָלקסמאסן. אָן אָט דעם
גלויבן קאָן מען ניט אײַנהיטן די מאטעריעלע אומגלײַכקײַט פון מענטשן. דערי-
בער האָט איינער א בורזשואזער דענקער אופריכטיק געזאָגט: „אויב קיין גאָט
וואָלט ניט געווען, וואָלט מען אים באדארפט אויסטראַכטן!״.

יעדער עמעסער, קאָנסעקוועַנט-דענקענדיקער אפיקוירעס קאָן ניט, נאטירלעך,
ניט זײַן קיין רעוואָלוציאָנער. ער דעמאסקירט אָן ראכמאָנעס די גאנצע כיטרע
ראבאָנישע מעכאניק פון פארשקלאפן די ארבעטנדיקע. דער רעוואָלוציאָנערער
אפּיקוירעס עפנט אופ די אויגן פון דעם פארבלענדטן מענטשן און באווײַזט אים
די סיבע פון דער אונטערדריקונג און דערנידעריקונג פון מענטשן, באווײַזט אים,
אז די רעליגיע איז פײַנטלעכ דעם קאָמוניזם, אז זי איז א געצײַג פון מענטש-
לעכער פארשקלאפונג. נאָכ מיט אָנדערהאלבן הונדערט יאָר צוריק האָט דער
פראנצויזישער אפיקוירעס א. קלאָאָטס געזאָגט צו די גלייביקע: „זײַט ניט קיין
קנעכט פון הימל, אויב איר ווילט זײַן פרײַ אפ דער ערד!״.

יעטווידע רעליגיע איז קעגן פאָלק, ווײַל זי איז סאם, וואָס פארגיפטעט דעם
באוווּסטזײַן פון די פאָלקסמאסן. לענין האָט געשריבן: „יענעם, וואָס א גאנצ

לעבנ ארבעט ער אונ נייטיקט זיכ, לערנט רעליגיע צו זײַנ האכנאָעדיק אונ געדולדיק אינ ערדישנ לעבנ, טרייסטנדיק מיט א האָפענונג אפ הימלשער באלוינונג. אונ יענע, וואָס לעבנ פונ פרעמדער מי, לערנט רעליגיע צו זײַנ וואוילטעטיק אינ ערדישנ לעבנ, פאָרלייגנדיק זיי זייער א ביליקע בארעכטיקונג פונ דער גאנצער עקספלואטאטאָרישער עקזיסטענצ זייערער אונ פארקויפנדיק צו א צוגעגנגלעכער פרײַז בילעטנ אפ הימלשנ וווילזײַנ... רעליגיע — דאָס איז א מינ גײַסטיקער בראנפנ, אינ וועלכנ די קנעכט פונ קאפיטאל דערטרינקענ זייער מענטשלעכ געשטאלט, זייערע פאָדערונגענ פונ א וויפל-ניט-איז ווירדיק מענטשלעכ לעבנ" (לעניג, ווערק, ב. VIII, ז. 419).

ווענ גלייביקע, וואָס האָבנ אויסגעהערט אָנ א שיר ראבאָנישע דראָשעס, זאָגנ, אז דעמ גלויבנ אינ גאָט, אינ „יענער-וועלט" אדג. דארפנ האָבנ אלע מענטשנ, דארפ מענ אָנווײַזנ, אז מענטשנ געהערנ צו פארשיידענע קלאסנ אונ האָבנ דעריבער גאנצ פארשיידענע אינטערעסנ. די עקספלואטאטאָרנ, די אלע, וואָס לעבנ פונ שווייס אונ בלוט פונ די ארבעטנדיקע מאסנ, זײַנענ פאראינטערעסירט אינ דעמ, אז מע זאָל זיכ האלטנ בא די רעליגיעזע פאנטאזיעס, אונ זיי זענענ מיט אלע מיטלענ אײַנריידנ דאָס פאָלק, אז עס קאָנ זיכ, קלוימערשט, אָנ די רעליגיעזע באָבעמײַסעס ניט באגיינ. פאר די ארבעטנדיקע ווידער איז רעליגיע א גרויסע ראָע: זי שפּילט א שענדלעכע אונ אומענטשלעכע ראָליע, ווײַל זי שטערט זיי באפרײַענ זיכ פונ קלאסנ-יאָכ.

אונטערנ אײַנפלוס פונ די טיפע ענדערונגענ אינעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ האָט דער אטעיזמ אינ ראטנפארבאנד אופגעהערט צו זײַנ אנ אידיי פונ יעכידימ. די גלייביקע ארבעטנדיקע בא אונדז אינ לאנד הייבנ אָנ אלצ מער צו פארשטיינ, אז ניט גאָט האָט געגעבנ דאָס גליקלעכע לעבנ די ארבעטנדיקע פונ אונדזער לאנד. מיט די אייגענע אויגנ איבערצײַגנ זיי זיכ אינ דעמ, אז דאָס פרײַע, גליקלעכע לעבנ האָבנ זיי באקומענ ניט מיט דער הילפ פונ רעליגיע אונ ניט פונ אירע דינער, נאָר אויסשליסלעכ אלס רעזולטאט פונ קאמפ פונ די ארבעטנדיקע גופע אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי — דעמ אוואנגארד פונעמ ארבעטער-קלאס.

ס'איז דעריבער קיינ וווּנדער ניט, וואָס אפיקאָרסעס איז געוואָרנ בא אונדז אינ לאנד א מאסנ-דערשײַנונג, וואָס ווערט אלצ מער אונ מער פארשפרייט. מיליאָנענ אונ צענדליקער מיליאָנענ סאָוועטישע מענטשנ האָבנ שוינ אײַנגעריסנ מיט די רעליגיעזע פאנטאזיעס. זיי גלייבנ ניט אינ גאָט, נאָר אינ זייערע אייגענע קויכעס, דה. אינ זייער סייכל, וויסנ אונ דערפארונג.

פונדעסטוועגנ איז דער קאמפ קעגנ רעליגיע בא אונדז אינ לאנד נאָכ ווײַט ניט פארענדיקט, ווײַל גלייביקע איז נאָכ בא אונדז פאראנ ניט ווייניק. מע דארפ זיי העלפנ וואָס גיכער ארויסרײַסנ זיכ פונ דעמ רעליגיעזנ קלעמ, וואָס שטערט זיי אקטיוו זיכ צו באטייליקנ אינ דער אופבויונג פונ דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט.

---

# אינהאלט

זייט

## VI. צי זײַנען מעגלעך ניסים



## אויספיר



---

